№ 29.

צווייטער יאָהרגאַנג

# יודישע פאָלקס־צייטונג.

15 Juli 1903. | פערלאַג „פאָלקס־בילדונג“ ווארשא. | כ׳ תמוז תרס״ג.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“ איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „הילף“

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם דאזיגען סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן אונ העברייאיש אונ אויך די וואס שרייבען אין איראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

ביז יעצט האבען זיך אנגערופען מיטצואורבייטען אין זאמעל-בוך „הילף“: נישט יודישע שריפט-שטעלער: לעוו טאלסטאי; מאקסים גארקי; וולאדימיר קאראלענקא; אנטאן טשעהאוו; עליזא ארזשעשקא; ראשעל חין; פראפעסאר באזשענאוו.

יודישע שריפטשטעלער: מענדעלי מוכר ספרים; שלום עליכם; דוד פרישמאנן; בן-עמי; עזרא גאלדין; מנשה מרגליות; אלעזר שולמאן; ד״ר מ. י. בערדיטשעווסקי; מרדכי בן הלל הכהן; ד״ר י. ליאקומאוויטש; מ. מ. הורוויץ; א. ד. ראזענטהאל; יעקב כהן; י. ח. ראבניצקי; יוסף יפה; דוד פינסקי; י. לערנער.

די וייטער צוגעקומענע שריפטשטעלער וועלען מיר מודיע זיין אין אונזער צייטונג.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען.
האלב-יעהרליך . . . . 5 .
פירטעל-יעהרליך . . . 2.50 .
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע
# פאלקס-צייטונג.

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ":
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר׳ אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

15 Juli 1903. Nr. 29. כ׳ תמוז תרס"ג.

# צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

## דעם נומער 26

האט זיך געענדיגט דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-צייטונג נאר אויף איין האלב יאהר און בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס פרייז: אויף א האלב יאהר 2 רובל; א פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכמ׳ס ווערק, אויף ראטען, דארפען צום 1-טען יולי צושיקען

## די דריטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע 4 בענדער פון שלום עליכמ׳ס ווערק 2 רובל, אדער 50 קאפ׳ פאר יעדען באנד מיט פארטא.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנאמענטס פרייז ניט שפעטער פון 1-טען יולי, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערן.

## די אדמיניסטראציע.

אנמערקונג: 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) אבאנענטען אויף דער „פאלקס-צייטונג" ווערען אנגענומען ניט ווינציגער ווי אויף א פיערטעל יאהר פון נומער 1, פון נומער 14; פון נומער 27 און פון נומער 40. 3) די „פרעמיע" אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט.

# פארלארענע טאלענטען.

עס איז שוין א בעוואוסטער פאקט, אז ביי אונז יודען געהען פיעל טאלענטען לאבוד. ניט איינער, וואס איז היינט א קרעמער, א מעקלער אדער א שדכן, וואלט געווען איין אויסגעצייכענטער פאכ־מאן, ווען זיינע עלטערן וואלטען זיך געוועהן גוט צוקוקען צו זיין נייגונג אלץ קינד, און איהם געגעבען די געהעריגע ערציהונג. ניט איין „רויהער" בעל-מלאכה, וואס זיצט איינגעבויגען גאנצע טעג איבער׳ן ווארשטאט, ארבייט אהן חשק און פארשטעלט זיין פראפעסיע, וועל־כע גיט איהם ניט גענוג חיונה, וואלט געווען א פיעל בעסערער און צופרידענער מייסטער, ווען ער וואלט אין דער יוגענד געלערנט, ניט די מלאכה, וואס איז געפעלען זיינע עלטערן, נאר די, צו וועלכע ער איז ווירקליך פעהיג. ניט איין לופט-מענש, וואס האט ניט קיין פעס־טע, בעשטימטע פרנסה, לעבט פון ווינד און ווייסט ניט וואס דער מארגענדיגער טאג וועט איהם ברענגען, וואלט געווען א גליקליכער און פארזארגטער מענש, ווען זיינע ערציהער וואלטען געזעהען, צי האט ער ניט עפּיס א טאלענט, עפּיס א בעזונדערע פעהיגקייט, און איהם לאזען אויסבילדען, פארפאלקאמנען אין דער פעהיגקייט.

עס ווערען פארפאלען ביי אונז פיעל טאלענטען, ווייל קיינער בעמערקט זיי ניט בייצייטענס, און אפילו אז מען בעמערקט, זוכט מען ניט צו אויסבילדען זיי.

וויפיעל מאל טרעפט, עלטערן זעהען: דאס קינד זיצט גאנצע טעג און שניצט, אדער קריצט, אדער מאכט מיט קרייד פיגורען אויפ׳ן טיש און מיט קוהל אויף די ווענט, שרייען זיי אויף איהם, שלאגען

איהם, פאר וואס ער לערנט ניט, נעמט ניט קיין ספר אין האנט אונ גיט זיך אב מיט נארישקייטען, פאראונרייניגט די שטוב. זיי בעקלערען גאר ניט, אפשר ליגט אין קינד א טאלענט צו קריצען אדער מאלען, אונ אנשטאט צו שרייען אונ שלאגען בעדארף מען גאר, פארקעהרט, דעם קינד צוגעבען חשק, בילדען איהם אין דעם פאך, וועט פון איהם אויפוואכסען א קינסטלער. ווי אפט טרעפט, עלטערן שטראפען זייער קינד, פאר וואס ער מאכט זיך פון ברעטלעך א פידעלע, פון פאדעם סטרונעס אונ „ריפעט" גאנצע טעג אונ לויפט אין גאס מיט גרויס שמחה נאך דעם מיליטער־מוזיק, מאכט מיט די הענט צום טאקט, שפרינגט אונ איז גאר אויסער זיך, אונ זיי געהט גאר ניט ארויף אויף די געדאנקען: אפשר האט דאס קינד א מוזיקאלישען טאלענט, אפשר איז זיין נשמה פון „עולם הנגון", דארום ציהט איהם אזוי דאס פידעלע, ניט איהם אזא ברען דערהערענדיג שפילען, אונ עס איז, אדרבא, נייטיג איהם לאזען לערנען, וועט פון איהם אויסוואכסען איין אויסגעצייכענטער מוזיקער.

אז מיר יודען האבען טאלענטען איז קיין שום ספק ניט. נאר דער פארבלענדטסטער שונא וועט זאגען, אז דער יוד טויג ניט מעהר ווי צום האנדעל־וואנדעל. ניטא איין פאך אין דער שענער קונסט, וואו יודען האבען ניט ארויסגעגעבען פון זיך בעריהמטע מענשען; ניטא איין צווייג אין דער וויסענשאפט, וואו אונזערע ברידער האבען ניט ארויסגעוויזען זייער פעהיגקייט. אבער די אלע זענען נאר דורך א גליקליכען טראף געקומען צו זייער מדרגה. קעגען איינעם פון א זאלכע גליקליכע געפינען זיך טויזענטער אומגליקליכע, פארלארענע טאלענטען, פארלארענע לעבענס. אזא וועלט־בעריהמטער קינסטלער ווי אנטאקאלסקי, מיט וועלכען ניט נאר מיר יודען, אבער אויך גאנץ רוסלאנד שטאלצירט, האט גענוג קלעפ בעקומען אין דער יוגענד פון זיינע עלטערן, פאר וואס ער צעשניידט זיי טיש אונ בענק, אונ נאר א דאנק א קריסטליכער דאמע איז ער אנגעקומען אין אקאדעמיע אונ געווארען דער זעלטענער סקולפטאר. וויפיעל אנטאקאלסקעס, וויפיעל רוחאמאווסקעס, וויפיעל איזראעלס א. ז. וו. ווערען פארלארען, ווייל קיינער קוקט זיך ניט ארום אויף זיי, קיינער העלפט זיי ניט אויסבילדען דעם איינגעבארענעם טאלענט!

אבער אונזערע ברידער געבען ניט אכטונג אויף די קינד־יאה, פריווען גאר ניט זייערע נייגונגען, זייערע פעהיגקייטען. א מאל, אין די אלטע יאהרען, האט יעדער פאטער געוואוסט נאר איין זאך: געבען דעם קינד צו א רבי אונ מאכען איהם פאר א למדן. די גאנצע יוגענד איז דעם זוהן אריבער אין פינסטערען חדר, אונ ערשט נאכדעם, אז אלע זיינע יוגענדליכע נייגונגען זענען שוין דערשטיקט געווארען אונ ער האט חתונה געהאט, האט ער ערשט גענומען זוכען א בעשעפטיגונג. שפעטער, אז די „בילדונג" איז אריין אין דער מאדע, האט יעדער פאטער געוואוסט, אז ער מוז אריינגעבען דעם קינד אין גימנאזיע אונ מאכען איהם פאר א דאקטאר. אפשר האט גאר דאס קינד טאלענט צום שפיעלען, צום מאלען, צום צייכענען, צום בויען — דאס איז דעם פאטער גאר ניט איינגעפאלען!

מיר טארען אבער ניט אזוי בלינד זיין אויף די נייגונגען פון אונזערע קינדער. מיט אונזער נאכלעסיגקייט בעגעהען מיר א גרויסע עבירה אן די קינדער אונ דעם גאנצען פאלק, פון וועלכען מיר רויבען דאדורך ניצליכע מענשען. יעדער פארשטענדיגער פאטער בעדארף זיך גוט צוקוקען צו זיין קינד, זוכען אין איהם די פארבארגענע צייכען פון עפיס א בעזונדערען טאלענט, אונ קוים בעמערקט ער אין איהם א צייכען, קוים זעהט ער א פונק פון א בעזונדערע פעהיגקייט, מוז ער זארגען, אז דער פונק זאל ניט פארשיט אונ פארלארען ווערען.

צום מוסטער קאנען אונז זיין די פראקטישע דייטשען. דער פאטער פרובט די פעהיגקייטען פון קינד אין דער פריהעסטער יוגענד. אין די שפילצייג, וואס דאס קינד בעקומט, געפינט איהר אלערליי מינים געווערקצייג: צום שפילען, צום מאלען, צום צייכנען, צום רעכנען א. ז. וו. אונ דער קלוגער פאטער בעמערקט שוין וועלכעס שפי־

---

# פעליעטאן.

## פעקלעך.

פון

שלום־עליכם.

(ענדע).

ויהי היום, איך שטעה אויף אין דערפריה, גיט מען מיר אפ א בריף. פון וואנען איז א בריף? עפיס א בעל־עגלה האט געבראכט צו פיהרען. איך נעם דעם בריף, עפען אויף דעם בריף, איך הויב אן לייענען דעם בריף — איז מיר פינסטער געווארען אין די אויגען. וואס איז דאס געוועזן פאר א מין בריף? אט וועט איהר באלד הארכען. דאס שרייבט מיר מיין פייסי, אז איך זאל ניט קיין פאראיבל האבען, וואס ער איז אוועקגעפאהרען מיט רייזלען, איהר הערט ווערטער? אהן אונזער וויסען חתונה האבען, איהר הערט ווערטער? אז איך זאל זיך גאר נישט פרובען, זאגט ער, אפילו זיי זוכען, ווארום זיי זענען שוין נוייט ווייט, זאגט ער, פון דאנען, איהר הערט ווערטער? אונ אז זיי וועלען אם ירצה השם האבען חופה וקדושין, זאגט ער, וועלען זיי נאכדעם קומען צוריק... ווי געפעלט אייך עפיס אזא מין ברייוועל? מילא פון מיין ווייב שמועסט מען ניט, זי איז געפאלען דריי מאל חלשות. ווארום ס'איז דאך דורך איהר דער שקאנדאל, רייזיל איז דאך איהר פלעמעניצע, ניט מיינע. „נא, זאג איך צו איהר — האסט אויסגעהארעוועט א שלאנג אויף דיין שוים"... אונ האב מיין גאנץ ביטער הארץ אויסגעלאזט צו איהר געוויינטליך, מכבד געוועזן ווי זי איז ווערט... בין איך אייך ניט אויסען. ווארום איך בעדארף אייך נישט דערציילען, איהר פארשטייט אליין ווי ווייט דאס האט מיך געברענט אונ געבראטען. סטייטש, מע נעמט א פרעמד קינד, איין ארעמע, א נאקעטע יתומה, מע האדעוועט זי אויס אונ מע וויל זי גליקליך מאכען, געהט זי אונ טוט אפ אזא זאך, פיהרט ארויף מיין ברודערס קינד אויף א גליטש... איך האב געשריגען, געטופעט מיט די פוס, געריסען אויף זיך די האר פונ'ם קאפ, שיער ניט משוגע געווארען! אונ צוריק ווידער האב איך מיך בעטראכט, וואס אשטייגער וועט מיר העלפען מיין כעס? וואס וועל איך מאכען מיט מיין טופען מיט די פיס? מע בעדארף עפיס אנהויבען טהון, טאמער וועל איך נאך פארחאפען אונ וועל קאנען עפיס העלפען? האב איך מיך ראשית חכמה א ווארף געטהאן צו „נאטשאלסטווע" אונ האב אויפגעגעבען, אז ביי מיר איז געוועזן א פלעמעניצע אזעלכע אונ אזעלכע, האט זי מיך בעגנב'עט אונ

לעכעל האט דאס קינד אם מעהרסטען האלד, אונ דאס איז איהם איין אנוויז אויף שפעטער, וועלכע יזרציהונג ער זאל דעם קינד געבען.

יז"ו

---

# פאליטישע ענינים.

(די וואהלען אין דייטשלאנד. אמאליגע וואהלען אונ היינטיגע. דער פריי-האנדעל אין ענגלאנד. טשעמבערלענס שיטה.)

די וואהלען, צום דייטשען רייכסטאג, האבען זיך געענדיגט. דעם גרעסטען נצחון האבען געהאט די סאציאל־דעמאקראטען, אנשטאט וואס אין דער פאריגען וואהל האבען זיי געהאט 56 דעפוטירטע, האבען זיי בעקומען ביי די היינטיגען וואהלען 82 דעפוטירטע. זיי האבען היינטיגעס מאל 26 מעהר ווי פאריגעס מאל. די גרעסטע מפלה, ביי די וואהלען האבען געהאט די אגראריער (לאנד־בעזיצער, וואס ווילען מען זאל נישט לאזען אריינפיהרען קיין תבואות פון אנדערע לענדער), דען פון זייערע 6 דעפוטירטע, וואס זיי האבען ביז איצט געהאט, האט מען קיין איינציגען נישט אויסגעקליבען. געוויס בעווייזט דער פאקט, וואס די סאציאל־דעמאקראטען האבען געהאט אזא גרויסען נצחון, אז זייער פארטיי האט זיך אין די לעצטע 5 יאהר זעהר פארשטארקט. אבער נישט דאס אליין איז די סבה, וואס מען האט פון זיי אזוי פיעל דעפוטירטע געקליבען, עס איז דא נאך א סבה, אונ דאס איז די פרייהייט, וואס די רעגירונג האט געגעבען ביי היינטיגע וואהל דעם פאלק. זייט ביסמארק איז געווארען קאנצלער אונ דער פארשטארבענער קייזער ווילהעלם דער ערשטער האט איהם אין גאנצען געלאזען פיהרען די אינערליכע פאליטיק נאך זיין ווילען, זענען די וואהלען אין דייטשלאנד צוגעגאנגען נישט גאנץ עהרליך. די רעגירונג האט שטענדיג געזוכט צו ווירקען מיט אלערליי מיטלען אונ תחבולות, כשר'ה אונ נישט כשר'ה, מען זאל קלויבען אזוינע דעפוטירטע, וואס טויגען פאר איהר, דעפוטירטע ביי וועלכע זי זאל קענען פועל'ן אלץ וואס זי וויל. דאס איז דער סוד, וואס די אנטיסעמיטען האבען אין די פריהערע וואהלען געהאט מעהר ווי היינטיגעס מאל, דען זיי האבען שטענדיג מיטגעהאלטען מיט דער רעגירונג. דאס איז אבער אלץ געוועזען ווי לאנג דער אייזערנער ביסמארק איז געוועזען קאנצלער; היינט אבער איז ביל אוו קאנצלער אונ ער וויל, אז דאס פאלק זאל קלויבען אין גאנצען נאך זיין אייגענעם פרייען ווילען אונ קיינער זאל אויף איהם נישט ווירקען אונ דאס דייטשע פאלק האט היינט געוויזען, אז ער איז מעהר נוטה נאך די פרייערע מענשען, וואס ווילען מען זאל קיין צאל אויף קיין פרעמדע תבואות נישט ארויפלעגען אונ האט דעריבער פון די אגראריער ניט איין איינציגען אויסגעקליבען.

נאר דערפון איז נאך נישט געזאגט, אז די סאציאל־דעמאקראטען אין דייטשלאנד וועלען קענען אויספיהרען אלץ וואס זיי ווילען. דערווייל איז נאך דער צענטער (די קאטוליקען) די גרעסטע פארטיע אין רייכסטאג, זייער צאהל דערגרייכט נאך היינט ביז 99 (ביז היינט האט זי געהאט 106 דעפוטירטע). די רעגירונג, אפילו ביל אוו'ס, וואס גיט כלומרש'ט דעם פאלק אין גאנצען פרייהייט, וועט וויסען ווי די קאטוליקען צו געווינען פאר זיך, ווען זי וועט האבען נייטיג זייער טובה. אונ ווען אפילו צו די סאציאל־דעמאקראטען זאלען צושטעהען די פאלאקען, וואס האבען בעקומען נאך 2 דעפוטירטע אונ אנשטאט 14 האבען זיי 16, וועט די רעגירונג אלץ האבען רוב דעות, דען מיט איהר וועלען האלטען די 99 קאטוליקען אונ די 72 קאנסערוואטיווען, וועלכע וועלען נישט לאזען איינפיהרען קיין נייע צו פרייע ארדענונגען אין לאנד.

דאס פאלק אין דייטשלאנד, ווי עס ווייזען די לעצטע וואהלען, וויל נישט מען זאל ארויפלעגען צאל אויף פרעמדע תבואות אונ היינט, ווען עס האט נישט דעם אייזערנעם קאנצלער, איז זעהר מעגליך עס זאל עס אויספיהרען. דערפאר אבער האט די רעגירונג אין ענגלאנד זיך פעסט גענומען איינצופיהרען צאל אויף פרעמדע תבואות אונ מבטל צו זיין דעם פרייען האנדעל, וואס האט ביז היינט געהערשט

---

האט איבערגעריעדט מיין זוהן, ער איז געוועז ביי מיר פארשריבען פאר א זוהן, אונ איז מיט איהם אנטלאפען, איך וויים ניט וואוהין, בין איך אייך ניט אויסען... נאכדעם האב איך אנגעהויבען שיטען מיט געלד, צעשיקט דעפעשען אין אלע ארבע פנות העולם אונ צעשיקט פוהרען אויף אלע טראקטען, אין אלע שטעדט אונ שטערטלעך פון דער סביבה, אונ גאט האט מיר געהאלפען, מע האט זיי געפאקט. וואו האט מען זיי געפאקט? טאקי ניט ווייט פון אונז, אין א קליין שטעדטל, אז ס'איז אנגעקומען צו מיר די גוטע ידיעה, אז מע האט זיי געפאקט, האבען מיר זיך אויפגעזעצט מיט נאטשאלסטווע אונ מיר זענען געפאהרען גלייך אהין אין יענעם שטעדטל אריין. מילא איך זאל אייך דערציילען פון דער נסיעה — איז ניט שייך צו זאגען, איך בין געוועזען אין איינע פחדים, איך האב אלץ מורא געהאט, טאמער, א קשיא אויף א מעשה, מע שטעלט דארט א חופה, איז דאך פארפאלען, ווי זאגט ער, די קוה מיט'ן שטריקל... גאט האט מיר געהאלפען מיר זענען געקומען צופאהרען — זיי האבען נאך קיין חופה ניט געשטעלט. נאר וואס דען? א נייער אומגליק: אזוי ווי איך האב איינגעגעבען, אז מע האט מיך בעגנב'עט, לכן האט מען זיי דערווייל ביז עפים וואס איינגעזעצט. איינגעזעצט איז דאך מיר געווארען שלעכט, געמאכט א גוואלד, אז בעגנב'עט האט מיך ז'י, די פלעמעניצע הייסט דאס, אונ ער, דער זוהן הייסט דאס, ער האט זיך דאך גערעכענט פאר מיין זוהן, איז ריין. עס קומט צו עפים, מע וויל איהם שוין ארויסלאזען, פייסין הייסט דאס, מאכט ער: „אויב מע האט געגנב'עט האבען זיי, זאגט ער, ביידע געגנב'עט". איהר הערט ווערטער? דאס האט זי איהם, די ימחשמהניצע, ארויפגעפיהרט, ער זאל אזוי זאגען. א הולטייקע קאן!... נו, טאר מען זיין א גוטער? בעדארף מען רחמנות האבען אויף איין ארעמער יתומה? איך פרעג אייך אליין — איז כדאי? וואס טויג אייך, עס האט מיך געקאסט געגונג בלוט ביז איך האב זיי ארויסגענומען, ווארום צוליב איהם האב איך געמוזט זי אויך אפרייניקען — אונ מיר זענען געקומען אהיים. בין איך אייך ניט אויסען.

געוויינטליך האב איך זי צו מיר אין שטוב מעהר ניט אריינגעלאזט. איך האב איהר אפגעדונגען א קוואטיר אונ קעסט טאקי ביי איהרען א קרוב אין א דארף, משה מאיר הייסט ער, א פראסטער יוד, א דארפסמאן, אונ מיין פייסין האב איך גענומען אהיים. געגונג גערעדט איבער איהם: „סטייטש, איך נעם דיך אונ שרייב דיך צו צו מיר ווי איין אייגענעם זוהן אונ וויל דיר געבען עטליכע טויזענט קערבלעך נדן אונ מאך דיך פאר'ן יורש מיט אלסדינג, נעהסט דו אונ מאכסט מיר אזא שקאנדאל!" זאגט ער: „וואס איז דא דער שקאנדאל? זי איז אייך א פלעמעניצע, איך בין אייך א פלעמעניק אלץ איין יחוס". זאג איך: „וואס גלייכסט דו זיך צו איהר? דיין טאטע איז געוועזן מיר איין אייגענער ברודער אונ א לייטישער מענש, אונ איהר פאטער איז

אין ענגלאנד און וועט עס אַוודאי אויספיהרען, ווייל זי האט, ווען נישט איין אייזערנעם קאנצלער, אָבער איין אייזערנעם קאָלאָניען מיניסטער, עס איז מאַקי טשעמבערלען, וואס האט אויסגעפיהרט ביז היינט אַלץ וואס ער האט געוואָלט. ווען נישט זיין אייזערנער ווילען, וואָלט מען ביי דעם היינטיגען פּרעמיען-מיניסטער באַלפור געפּועל׳ט, עס זאל ווייטער בלייבען ביין אַלטען, נאר טשעמבערלען האט זיך איינגעשפּאַרט, אז מען זאל דורכאויס אָבשאַפען דעם פריי-האַנדעל.

און לויט זיין שיטה נאך איז ער גערעכט.

איידער ענגלאנד האט געהאט אַזוי פיעל קאָלאָניעס אין אינדיע, אַמעריקא, אויסטראַליע און אַפריקא האט זי כּמעט גאר קיין תּבואה נישט געהאט און האט געמוזט קויפען תּבואה פון די אַנדערע לענדער, דערפאר האט זי איהרע סחורות, וואס איהרע פאַבּריקען אַר-בּייטען אויס, געליווערט אין אַנדערע לענדער. זי האט ניט אַרויף גע-לעגט קיין צאל אויף קיין פרעמדע תּבואות מחמת צוויי טעמים: ערשטענס ווייל זי האט אַליין נישט געהאט קיין אייגענע תּבואות און האט געמוזט אָנקומען צו פרעמדע לענדער, צווייטענס כּדי די פרעמדע לענדער זאָלען נישט אַרויפלעגען קיין צאל אויף איהרע סחורות. היינט אָבער, אַז תּבואה באַקומט ענגלאנד נאך מעהר וויפיעל זי דאַרף, און די סחורות, וואס איהרע פאַבּריקען אַרבּייטען אויס, קאָן זי אָנבּרענגען אין איהרע אייגענע קאָלאָניעס, ווייל זי נישט מעהר אַריינלאָזען קיין פרעמדע תּבואות אין איהר לאַנד. היינט האט זי שוין נישט מעהר פּחד, טאָמער וועלען די פרעמדע לענדער אַרויפלעגען צאל אויף איהרע סחורות, דען זי האט איין אָרט פאר איהרע סחורות אין איהרע אייגענע קאָלאָניעס.

— ביי די רעגירונגס-אָנפיהרער אין בולגאַריע האלט מען פאר געוויס, אַז עס מוז אויסבּרעכען אַ מלחמה צווישען טערקיי און בולגאַריע.

— די „פראַנקפורטער צייטונג" שרייבּט: די בולגאַרישע רעגירונג האט געשיקט אַ בּריף צו די טערקישע רעגירונג, אַז זי איז געצוואונגען צו טון אַזוינע זאַכען, וועלכע האבּען דעם צוועק זיך צו בּעשיצען פאר די טערקישע סאָלדאַטען, אַז זיי זאָלען נישט אַריין אין בּולגאַרישען לאַנד. איהר געזאַנדטען האט די בּולגאַרישע רעגירונג געהייסען, ער זאל ערקלערען די טערקישע רעגירונג ווי ווייט עס איז נייטיג, אַז די טערקישע רעגירונג זאל אויפהערען צו זאַמלען חיל ביין גרענעץ.

---

# נייעס פון דער וואָך.

## I. וועלט נייעס.

— די רוסישע רעגירונג האט אַרויסגעגעבּען אַ געזעץ, אַז מען זאל מבטל זיין אַלע שווערע שטראָף, מיט וועלכע מען האט בּיז איצט בּעשטראָפט די פאַרבּרעכער, ווי למשל: אָבּנאַלען דעם קאָפּ, שלאָגען מיט ריטער, שליסען מיט קייטען, מיט וועלכע מען האט בעשטראָפט די פאַרבּרעכער, וועלכע מען פאַרשיקט אויף קאַטאָרגא.

— דעם 15 יוני האט מען אין רוסלאַנד געפייערט דאָס 50 יעהריגע יובּילעאום זייט דער שריפטשטעלער וולאַדימיר קאָראָלענקא פאַרנעמט זיך מיט ליטעראַטור. די זיטאָמירער שטאָדט-פערוואַלטונג, וואו דער שריפטשטעלער איז געבּאָרען, האט איהם געשיקט אַ גראַטולאַציאָנס טעלעגראַמע און האט איינע פון די זיטאָמירער גאַסען אַ נאָמען געגעבּען „קאָראָלענקא".

— אין אַמעריקא האט מען ענטדעקט אַ נייעס מין געוועקס, וואס איז 30 מאָל זיסער פאר די צוקער-בוראַקעס.

— די גרויסע רעגענס, וואס איז געוועזען אין די פּוילישע גובּערניעס האבּען געמאַכט גרויסע היזיקות. דאָס הויפּט איז פאַרפוילט געוואָרען די קאַרטאָפלעס פון ערשטען און צווייטען מאָל זייען.

— דער פירשט מאַראַזי פון רומעניע, אַ פעטער פון דעם ערמאָרדעטען קעניג אַלכּסנדר, בּעשולדיגט דעם קעניג פּיאָטער קאַראַגעאָרגעוויטש, אַז ער האט גענומען איין אַנטייל אין דער רציחה פון בּעלגראַד.

— דער רוסישער מיניסטער דעם אינערן האט פאַרבּאָטען דאָס אַנטיסעמיטישע בּלאַט „זנאַמיא" אויף אַ חדש.

---

געוועזען, זאל ער מיר מוחל זיין, אַ שאַרלאַטושקע, אַ קאַרטיאָזניק"... איך טהו אַ קוק, מיין ווייבּ חלשט. אַ טאַרעראַם, אַ געפּולדער, וואס איז? זי קאָן ניט הערען למאַי מע רעדט אויף איהר שוועסטערס מאַן, זיי זענען שוין, זאָגט זי, ביידע אויף דער אמת'ער וועלט, בּעדאַרף מען זיי לאָזען צוריה. איהר הערט ווערטער? „ער איז אָבער פאָרט געוועזען, זאָג איך, לאַז ער מיר מוחל זיין, איין אויסוואורף!". זי חלשט ווייטער — אַזאַ אומגליק, אַ גלות, מע קאָן ביי זיך אין שטוב קיין וואָרט ניט אויסרעדען! בּין איך אייך ניט אויסען. בּקיצור איך האָבּ מיין פייס'ן גענומען רעכט אין די ידים אַריין און האָבּ אָנגעהויבּען אַכטונג געבּען, קוקען אויף איהם „מיט אויגען", ער זאל מיר נישט מאַכען נאָך אַמאָל די שפּיעל, און נאָט האט מיר געהאָלפען ער איז אַוועקגעגאַנגען בּדרך הישר, האט זיך געלאָזט איינרעדען און איז געוואָרען אַ חתן צו מזל, ניט פון אַזאַ אַי-אַי-אַי, נאָר פאָרט פון אַ בּעל-הבּתיש אָרט מיט אַ מחותּן מיט אַ נאָמען, מיט נדן, ווי מיר שטעהט אָן — און איך בּין געוועזען אויפ'ן זיבּעטען הימעל. איז דאָך גוט. אַיאָ? האט זשע צייט, וועט איהר עפּיס הערען אַ מעשה.

איך קום צו געהן פון געשעפט איין מאָל אַהיים עסען אָנבּייסען, איך וואַש מיך, זעץ מיך צום טיש, מאַך המוציא, איך קוק מיך אַרום — נישטאָ פּייסי! פאַל'הט מיר דורך אַ מחשבה אין קאָפּ: אפשר האט ער ווידער געמאַכט אַ „ויברח"? איך נעם מיך צו מיינער: וואו איז פּייסי? זאָגט זי: זי ווייסט ניט, אָפּגעגעסען לויף איך אַרויס אין שטאָדט, אַהער, אַהין — קיינער ווייסט ניט! שיק איך דאָך אַוועק אַ שליח אין דאָרף אַריין צום קרוב, צו משה מאיר'ן, געוואָהרע ווערען, וואס מאַכט עפּיס ריַיזיל? ענפערט ער מיר דורך אַ בּריוועל, אַז זי איז נאָך נעכטען אַוועקגעפאָהרען, געזאָגט אַז זי פאָהרט אין שטאָדט אַריין אויף קבר אבות. האָבּ איך גענוג מסתמא געאַרבּייט, אויסגעלאָזט מיין גאַנץ בּיטער הארץ צום ווייבּ געוויינטליך, וואָרום ס'איז דאָך דורך איהר אַלע אומגליקען, ס'איז דאָך איהר פּלעמעניצע. בּין איך אייך ניט אויסען. איך לויף אַוועק אין פּאָליציע, איך קלאַפּ אומעדום דעפּעשען, צעשיקט מענשען, שיט מיט געלד — נישטאָ, ווי אין וואַסער אַריין! איך אַרבּייט, איך שריי, איך בּין אויס מענש — עס העלפט ניט. וואס טויג אייך, ס'איז אַוועקגעגאַנגען דריי וואָכען, איך בּין שיער ניט משוגע געוואָרען! פּלוצים קומט מיר אָן אַ בּריף מיט אַ מזל טוב, אַז זיי האָבּען בּרוך השם חתונה געהאט אין אַ גוטער שעה, און האָבּען שוין היינט פאר מיר קיין מורא ניט, איהר הערט ווערטער? אַז מע וועט שוין איצט נאָך זיי מעהר ניט נאָכלויפען, מע וועט שוין אויף זיי קיין בּלבּולים ניט אויסטראַכטען, איהר הערט ווערטער? אַז זיי האָבּען זיך ליבּ געהאט פון קינדווייז אָן און האָבּען דאַנקען גאָט געגרייכט אַלס-דינג, וואס זיי האָבּען געוואָלט. אַי וואו וועלען זיי נעמען אויף צו לעבּען? זאל מען זיך פאר זיי גאָר ניט זאָרגען: ער לערענט און

— דער סלאווישער פעראיין אין מאסקווא האט בעשלאסען צו פארצייכענען די נעמען פון אלכסנדר, דער געוועזענער קעניג פון סערביע און זיין פרוי דראגא צווישען זיינע מיטגלידער.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** דער פאריזער ראטהשילד וועט היינטיגען חודש קומען אין פעטערסבורג מיט זיין אייגענער שיף, פון פעטערסבורג וועט ער פאהרען קיין קאווקאז.

— א קישינובער יודישער יונגל פון 13 יאהר איז נעגאנגען דעם 9־טען יוני אין גימנאזיום מיט די ביכער אין האנט, אויף דעם וועג זענען איהם בעפאלען צוויי יונגע קריסטען און איינער האט איהם געוואלט שטעכען. נאר דער גימנאזיסט האט זיך מיט די ביכער פארשטעלט און דעריבער האבען זיי איהם נישט געקאנט שטארק פארוואונדען.

— די שטאדט־פארוואלטונג אין בלאגאוועשצענסק, ביין טייך אמור האט געשאנקען פלאץ אויף צו בויען א שוהל פאר די יודען, וואס וואהנען דארט.

— קירצליך וועט מען אין ביאליסטאק אנהויבען בויען א תלמוד תורה מיט איין אבטיילונג צו לערנען האנדווערק.

— דאס געלד, וואס איז געזאמעלט געווארען צו מאכען איין אינסטיטוט פאר די שענע קונסט אויף דעם נאמען פון דעם בעריהמטען יודישען סקולפטאר אנטאקאלסקי, דערגרייכט שוין ביז זעהר א גרויסע סומע און דעריבער האבען די משתדלים אין דער זאך שוין אנגעהויבען צוצוטרעטען צו דער זאך.

— פון די 5 יודישע גימנאזיסטען, וואס האבען היינטיגעס יאהר געענדיגט דאס גימנאזיום אין לאמזא האבען 3 בעקומען גאלדענע מעדאילען.

— פון די 5 גאלדענע מעדאילען, וואס דאס גימנאזיום אין אומאן (קיעוו. גוב.) האט היינטיג יאהר ארויסגעגעבען די געענדיגטע שילער, האבען 4 מעדאילען בעקומען יודישע שילער.

**דייטשלאנד.** צום קאנגרעס, וואס דער יודישער הילפס־פעראיין האט צוזאמענגערופען אין בערלין צו בעהאנדלען וועגען די קישינובער פאראומגליקטע יודען און וועגען די יודענפראגע אין רומעניע, זענען געקומען פון לאנדאן ה׳ ה׳ קלאר מאנטיפיארע, הערמאן לאנדוי און יוסף פראג, פון קישינוב ד״ר מוטשניק, פון אדעס ה״ה בארבאש, גרינבערג, ל. כהן און קליגמאן, פון ווארשא רעדאקטאר פון „הצפירה“ נ. סאקאלאוו.

— באראן עדמונד ראטשילד האט מנדב געוועזען 300,000 מארק צו בויען א יודיש קראנקען־הויז אין פראנקפורט אם מאין.

— אין שטראסבורג איז געוועזען גרויסע אומרוהען געגען יודען. אין איינינע ערטער פון שטאדט האט מען אויף געווארפען שטיינער אין די יודישע קראמען. די סבה פון די אומרוהען איז די לעצטע וואהלען, אין וועלכע עס זענען זעהר פיעל סאציאל־דעמאקראטען געוואהרען אויסגעקליבען; דאס פאלק בעשולדיגט די יודען אין דעם און לאזט אויס זיין כעס צו די יודען.

— זונטאג און מאנטאג דעם 28—29 יוני איז אין בערלין געוועזען א קאנפערענץ, וועלכע דער דייטשער הילפס־פעראיין האט צוזאמענגערופען, די פארשטעהער פון דער קאנפערענץ זענען געוועזען ה׳ דזיעמס סימאן, יוסטיץ־ראטה לאכמאן, ד״ר ראזענטהאל אויס ברעסלוי, ד״ר אלפרעד שטערן פון וויען, ה׳ אלקנה אדלער אויס לאנדאן. אויף דער קאנפערענץ איז בעשלאסען געווארען: 1) אז די אויסלענדישע מנדבים זאלען זיך נישט אריינמישען אין קיין זאך, זיי גיבען איבער אלץ צום הילפס־קאמיטעט, וואס איז מיט דער ערלויבניש פון דער רוסישער רעגירונג געגרינדעט געווארען אין קישינוב, 2) א חוץ די נדבות וואס מען גיט די פאראומגליקטע וועט מען נאך א טייל פון זיי שטיצען מיט הלוואות, וואס מען וועט זיי לייהען אויף לייכטע תנאים. דער הילפס־קאמיטעט וועט נישט נאר נישט העלפען די וואס ווילען עמיגרירען, נאר זי וועט אפילו שטערען ווי ווייט מעגליך מען זאל נישט עמיגרירען, ווייל צו דעם צוועק איז נישטא קיין געלד, דער לעצטער בעשלוס איז אנגענומען געווארען איינשטימיג.

**ענגלאנד.** אין מזרח לאנדאן איז געגרינדעט געווארען א קאמיטעט, וועלכעס האט דעם צוועק צו ווירקען געגען די מיסיאנערען.

**אמעריקא.** די אמעריקאנישע רעגירונג איז זיך משתדל צו בעקומען פון דער רוסישער רעגירונג געזעצע, לויט וועלכע די אמעריקאנישע יודען זאלען האבען דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד.

— פרעזידענט רוזוועלט האט זיך אין א רעדע וועגען יודען אויסגעדריקט מיט די ווערטער: אין אונזער לאנד האבען יודען אלע רעכטע,

---

גרייט זיך צום עקזאמען אריין אין אוניווערזיטעט שטודירען אויף דאקטאר און זי לערענט זיך אויף אקושארקע. איהר הערט ווערטער? און דערווייל געבען זיי ביידע שטונדען און פארדיענען מיט גאטס הילף ביז פיפצעהן קארבען א חודש, קאסט זיי די דירה זעכס מיט א האלבען, אכט צאהלען זיי פאר עסען און אויפ׳ן איבעריגען איז גאט א פאטער. איהר הערט ווערטער? נו־נו, קלער איך מיר, איהר וועט אביסל פריהער אונטערפגר׳ען נוט פאר הונגער, וועט איהר זיך אנהויבען בעטען צו מיר, וועל איך אייך בעווייזען ווער עלטער איז! און צו מיין ווייב זאג איך: היינט זעהסט דו וואס הייסט א ביטערער שורש? פון אזא טאטען א שארלאטאן א קארטיאזשניק קאן דען עפיס ארויסקומען רעכטס? וכרומה אזעלכע שטעכווערטער זאג איך צו איהר, און איהר זאלט זאגען זי זאל דאס מיר ענפערען דאס אנדערע ווארט! „פלעגסט דאך, זאג איך, אמאל חלשען, אז איך האב גערעדט אויף דיין שוואגעריק, פאר וואס חלשט די היינט ניט?“ ענפערט די וואנט? אזוי ענפערט זי. „דו מיינסט, זאג איך, אז איך ווייס ניט, אז דו האלסט מיט זיי, אז דו ביזט מיט זיי יד אחת, אז סע וואכסט אינגאנצען פון דיר?“ זי שווייגט, ענפערט ניט דאס אנדערע ווארט, וואס קאן זי מיר א שטייגער ענפערען, אז זי פיהלט אז איך בין גערעכט? זי ווייסט, אז סע פארדריסט מיך, פאר וואס קומט מיר פאר מיין גוטסקייט מע זאל מיר אזוי צאהלען? בין איך אייך ניט אויסען. נאר איהר מיינט אודאי איהר זענט שוין פארטיג? הארט אויס, איהר וועט נאך הארכען שענערס.

בקיצור ס׳איז אוועקגעגאנגען א יאהר, בריוולעך שרייבען זיי, נאר פון געלד דערמאהנען זיי ניט א ווארט. פלוצים קומט מיר אן א מזל טוב. זי האט געהאט א יונגל און מע רופט אונז אויפ׳ן ברית! רוף איך מיך אן צו מיין ווייב: „מזל טוב דיר מיט דיין נחת, איין אנגעלעגטער ברית, זאג איך, און א נאמען נאך דיין שענעם שוואגעריק“... ענפערט זי מיר ניט, נאר זי ווערד בלייך ווי די וואנט, טהוט זיך אן און נעהט אוועק פון שטוב, קלער איך מיר: מסתמא וועט זי באלד קומען. איך ווארט א שעה, איך ווארט צוויי, איך ווארט דריי, איך ווארט פיער, ס׳איז שוין פארנאכט, ס׳איז שוין שטאק נאכט—ניטא זי! א שענע מעשה נאר א קורצע! וואס טוינ אייך—זי איז א וועקגעפאהרען צו זיי און פון דעמאלט אן שוין באלד צוויי יאהר, זי קומט נישט צוריק און הייבט גאר ניט אן צו קלערען מכח קומען אהיים! האט איהר געהערט אמאל אזא מעשה? פריהער האב איך געווארט טאמער וועט זי מיר שרייבען א בריוועל, און אז איך האב געזעהן זי שרייבט ניט, האב איך איהר אוועקגעשריבען א בריוועל, און שרייב איהר: „היתכן? וואס כאר א פנים האט דאס פאר דער וועלט?!“ ענפערט זי מיר, אז איהר וועלט איז דארטען, ביי איהרע קינדער, איהר הערט ווערטער? אז דאס איינינקל, וואס איז געבאהרען געווארען,

וועלכע זיי האבען ביי אונז פארדיענט. די יודען האבען מיטגעווירקט פאר דעם גליק פון אונזער פאטערלאנד הן אין מלחמה, הן אין שלום־צייט. אין דער לעצטער מלחמה מיט שפאניע האבען זיך יודען אויסגעצייכענט. מיין חבר אין פאלק איז געוועזען א יוד, איינער פון די בעסטע אפיצערען. ביי די בעלאגערונג פון אינזעל קובא האט זיך אויף דער פלאטע א יוד אויסגעצייכענט מיט זיין גבורה. אין מיין אייגענעם פאלק האב איך געמאכט 5 סאלדאטען פאר אפיצערען פאר זייער גבורה בשעת מלחמה, איינער פון זיי איז געוועזען א יוד. דאס בעווייזט אז מיר קוקען אויף אלע מענשען גלייך, מיר פאדערן נאר פון אונזער יעדען אונטערטהאן, אז ער זאל זיין א טרייער אמעריקאנער. אין דער צייט ווען איך בין געוועזען פאליצײ־קאמיסאר אין ניו־יארק איז אנגעקומען פון דייטשלאנד א בעוואוסטער אנטיסעמיט אנצורייצען דאס פאלק נעגען די יודען. אז איך האב מיך דערפון דערוואוסט האב איך איבערגעגעבען א יודישען פאליצײ־עלסטען און 40 יודישע פאליציסטען, אז זיי זאלען בעשיצען דעם רעדנער אין די צייט ווען ער וועט מאכען פארזאמלונגען און אזוי זענען די בעשיצער אויף דעם אויפהעצער נעגען יודען געוועזען יודען אליין. אויך צווישען מיינע פריינד אין דעם פאליטישען לעבען זענען דא פיעל יודען.

— אין ניו־יארק וועט מען שטעלען א מאנומענט באראן הירש מיט זיין פרוי קלארא, די ארבייט פון מאנומענט איז איבערגעגעבען געווארען דעם סקולפטאר געארג ביזעל און וועט קאסטען 50,000 דאלאר.

**איטאליע.** איין איטאליעניש בלאט שרייבט, אז אין קאירא האט מען בדעה צו מאכען א נייע אייזען־באהן־ליניע, וואס זאל פעראייניגען מצרים מיט ארץ ישראל.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— אין וויען איז געוועזען אין 28 און 29 יוני א ציוניסטישע אספה פון גאנץ עסטרייך. 110 דעלעגאטען זענען געוועזען, חוץ געסט. עס זענען בעשלאסען געווארען וויכטיגע זאכען.

— אויף די לעצטע ציוניסטישע אספה, וואס איז געוועזען אין קיעוו, זענען צוזאמענגעקומען די מורשים פון 8 ראיאנען. אונטער אנדערע זאכען איז אויך בעשלאסען געווארען, אז תשעה באב זאל מען אין אלע ציוניסטישע אגודות אין רוסלאנד קלויבען געלד פאר דעם נאציאנאל־פאנד.

— קומענדיגען אלול וועט אין דער קאלאניע פתח־תקוה אין ארץ ישראל זיין א גרויסע ציוניסטישע אספה פון אלע קאלאניעס.

— ווי מען רעדט האט באראן ראטהשילד אבגעקויפט אין פאלעסטינא דעם גאנצען „עמק יזרעאל", וועלכער האלט 150,000 דונאם ערד.

— צום זעכסטען קאנגרעס וועט קומען פון לאנדאן, ווי די ענגלישע בלעטער שרייבען, אלס דעלעגאט פאלקאווניק גאלדסמיט, דער געוועזענער אדמיניסטראטאר אין באראן הירשענס קאלאניעס אין ארגענטינא.

— דאס אקציאנס־קאמיטעט האט איינגעלאדען דעם בעוואוסטען יודישען געלעהרנטען און רעדנער פראנץ אפפענהיימער, ער זאל האלטען א רעדע אויף דעם 6טען קאנגרעס און אפפענהיימער האט צו געזאגט. די רעדע וועט געוויס זיין וועגען קאלאניזאציע.

— דער בערנער פעראיין „עבריה", וואס זיינע חברים רעדען נאר העברייאיש, האט געשיקט א בריף צו דעם ביורא פון דער יודישער אוניווערזיטעט אין זשענעווא, אז די אוניווערזיטעט זאל מען בויען נאר אין ארץ ישראל און העברייאיש זאל דארטען זיין די הערשענדע שפראכע. דער־אויף האט דאס ביורא געענטפערט, אז דערווייל איז נאך צו פריה צו רעדען וועגען דעם ארט, וואו עס צו גרינדען און די שפראכע, וועלכע זאל דארט הערשען, נאר עס פארזיכערט, אז זייער גאנצער צוועק איז, אז די אוניווערזיטעט זאל זיין ריין, נאציאנאליסטיש.

---

## ידיעות וועגען קישינוב.

— ביז דעם 7 יוני איז אריינגעקומען אין הילפס־קאמיטעט 736.476 רובל פון די לענדער: אמעריקא 192.443 רובל; ענגלאנד 16.001 רובל; עסטרייך 10.415 רובל; איטאליע 5.000 רובל; האלאנד 1.000 רובל; דייטשלאנד 35.675 רובל; פראנקרייך 9.248 רובל; רוסלאנד 361.945 רובל; און דורך די צייטונגען אין רוסלאנד 101.725 רובל.

— דער הילפס־קאמיטעט האט ביז דעם 7 יוני אויסגעגעבען

---

ער הייסט דווקא הערשעלי נאך מיין ברודער משה הערשיל, איז ביי איהר טייערער פון אכצעהן וועלטען, ס'איז אזא הערשעלי, זאגט זי, וואס מע קריגט דאס ניט מע זאל אויספאהרען די גאנצע וועלט פון איין עק ביז'ן אנדערען, און ווינשעוועט מיר איך זאל זיך עלטערען אין עושר און אין כבוד אליין אהן איהר, איהר הערט ווערטער?... שרייב איך דאך איהר נאך אמאל און נאך אמאל, און זאג איהר מיט'ן הארבען ווארט, אז איך וועל ניט שיקען קיין גראשען! ענטפערט זי מיר, אז זי דארף ניט מיין געלד, איהר הערט ווערטער? שרייב איך איהר ווידער אוועק א בריף, אז איך בין זיי אלע מעביר־נחלה און וועל אפ זאגען דאס געלד אויף עולמות! פוילט זי זיך ניט און ענטפערט מיר אפ, אז זי האט צו מיר קיין טענות ניט, איהר הערט ווערטער? אז זי לעבט דארטען ביי די קינדער מיט כבוד, הלואי ווייטער ניט ערגער. ווארום פייסי איז שוין אריין אין אוניווערזיטעט און רייזיל איז שוין באלד איין אקושארקע, זיי פארדינען שוין אזוי גרוים ווי זיבעציג קארבען א חודש, איהר הערט ווערטער? און מכח מעביר נחלה זיין, זאגט זי, מעג איך מיין גאנץ פארמעגען אוועקשענקען אפילו היינטיגען טאג וועמען איך וויל, אפילו ארויסווארפען אויפ'ן מיסט, איהר הערט ווערטער? און לאזט אויס, אז איך בין א ריינער משוגענער, ! די וועלט זאגט זי, שטעקט מיך ארום מיט פעדערען, פאר דער מעשה וואס איך האב אפגעטהאן. וואס איז דא, זאגט זי, דער אומגליק? וואס דיין ברודערס זוהן האט גענומען מיין שוועסטערס טאכטער? וואס שמיהט דיר דא אזוי ניט אן, די נארישער לעקיש? איהר הערט ווערטער? דו זאלסט, זאגט זי, זיין דא און א קוק טהון אויפ'ן קינד, אויף הערשעלין, ווי ער ווייזט מיט'ן פינגער אויפ'ן זיידענס פאטרעט און מאכט, „דיע־דיא" וואלסט דו זיך, זאגט זי, אליין געגעבען דריי פעטש, איהר הערט ווערטער? אזוי שרייבט זי מיר פון דארטען. בין איך אייך ניט אויסען... נו בעדארף מען ניט זיין שטארקער פון אייזען? ווי מיינט איהר, ברענט דאס מיך אשטיינער, אז איך קום צוגעהן אהיים און דרעה מיך ארום איינער אליין צווישען די פיער ווענט? איך הויב מיך אן בארעכענען, וואס איז מיין לעבען איך בעט אייך אויף דער וועלט? פאר וואס קומט מיר אזא סוף? פאר וואס קומט מיר אזא־עלטער? פאר וואס און פאר ווען? פאר מיין גוטסקייט? פאר מיין פאדלע וויכען כאראקטער!... האט קיין פאראיבעל ניט, אז איך הויב אן רעדען דע־פון איז פאר דאסאדע שטעלען זיך מיר טרערען און איך קאן ניט, איך קאן ניט רעדען!

אוי מע טאר ניט זיין קיין גוטער, הערט איהר? מ ע  ט א ר  נ י ט  ז י י ן  ק י י ן  ג ו ט ע ר!

**עד כאן פעקיל נומער זעכס.**

464.422 רובל, וועלכע זענען צעטיילט געוואָרען: אויף עסען-וואָרג 14.700 רובל; פאר די וואס האבען דירעקט געליטען 273.622 רובל; פאר די וואס האבען געליטען אינדירעקט 30.000 רובל; פאר 35 פאמיליען פון די הרוגים 87.500 רובל; פאר 2 פאמיליעס, וואס זייערע ברויט־געבער קאנען מחמת דעם פאגראם נישט מעהר ארבייטען 4.600 רובל; פאר דעם פרויען־פעראיין צו מאכען וועש און צו גרינדען א פריוט פאר ארימע קינדער 4.000 רובל; צו בעזעצען 50 פאמיליעס אין ארץ ישראל 50.000 רובל.

— אין דעם קישינובער הילפס־קאמיטעט איז ביז דעם 7 יוני אנגעקומען בקשות פון 2.538 פאמיליעס, וועלכע האבען געהאט שאדען אויף 2.332.890 רובל, בעקומען שטיצע האבען שוין 2.221 פאמיליעס.

— א דעפוטאציע פון סוחרים אוים קישינוב האבען זיך פאר־געשטעלט פאר דעם פינאנץ־מיניסטער וויטע און האט איהם ערקלערט, וואס פאר א שלעכטע ווירקונג דער פאגראם האט געמאכט אויף דעם האנדעל און וואס עס ווירקט נאך עד היום. דער מיניסטער האט צוגעזאגט צו טון וואס נאר מעגליך, כדי צו פארגרינגערען די לאגע פון די סוחרים אין קישינוב.

— די צאהל פון די אלמנות, וואס זענען געבליבען נאך די הרוגים דערגרייכט ביז 35 און די יתומים 123.

— פאריגען זונטאג האט דער קישינובער ארכיערי יאקוב בע־זוכט איינינע קריסטליכע געבעט־הייזער און האט געהאלטען דארט רעדעס, אין וועלכע ער האט דעם פאלק בעוויזען, אז מען דארף ליב האבען אלע מענשען גלייך, ווען ער האט אפילו איין אנדער גלויבען. זיינע רעדעס האבען געמאכט א גרויסע ווירקונג אויף דעם פאלק.

---

## א פאגראם אויף קריסטען אין פערסיע.

אין דער שטאדט טאווריז, די הויפט־שטאדט פון דער פער־זישען פראווינץ אזערביידזשאן, וואו דער עלטסטער זוהן פון שאך איז דער „וואליאד" (גובערנאטאר), איז געוועזען גרויסע אומרוהען, אין דער צייט ווען דער פרינץ איז געווען אויף א גאנצען חודש ארויסגעפאהרען פון טאווריז. דער דארטיגער גייסטליכער חאדזשי־מירזא־חאסאן־אגא האט צונויפגעזאמעלט ארום זיך די סעאידען (כהנים) פון דער אומגעגענד און דורך זיי האט ער פארשפרייט צווישען פאלק שלעכטע ידיעות וועגען דער פערזישער רעגירונג, אז זי לאזט די קריסטען, זיי זאלען זיין די גאנצע פיהרער אין דער רעגירונג און זיי לעגען ארויף שווערע אבצאהלונגען אויף דעם פאלק און איז דאס נאך ווייניג, גיבען זיי איבער די קריסטען דעם האנדעל מיט תבואה און פלייש. כדי צו בעקומען שטעלעס ביי די „פראנקען" (אזוי רופען די פערסער די אייראפייער), האבען די נישט „אמת'ע" מאחמאדאנער געעפענט שולען, וואו אנשטאט דעם קאראן (מאחמאדאנישעם געזעץ־בוך) לעהרענט מען די קינדער רוסיש און פראנצויזיש און מען קליידט זיי אין אייראפייאישע קליידער. און מען טרינקט שארפע משקאות אין די קאבאקען.

דעם 20־טען מאי איז דער פרינץ צוריקגעקומען אין שטאדט. ף מארגען האבען זיך צונויפגעקליבען ארום 200 סעאידען, בעוואפענט מיט רעוואלווערען און שווערדען און זענען בעפאלען אויף דריי ארמענישע קראמען און האבען עס אויסראבירט. צוויי קרעמערס זענען אנטלאפען און דעם דריטען האבען זיי אוועקגע־שלעפט צום גייסטליכען, אז דער פרינץ האט זיך דערפון דערוואוסט האט ער געשיקט רופען דעם עלטסטען פון די גייסטליכע, ער האט געוואלט געהן, אבער די סעאידען האבען איהם נישט געלאזען און האבען געשלאגען און געזידעלט די פאליציי. די נאכט איז אריבער שטיל, נאר אויף מארגען אין דער פריה האבען זיך צונויפגעקליבען א גרויסע צאהל סעאידען און האבען צעטריבען אלע קריסטען, וואס האבען זיך געוויזען אויף דער גאס און די קריסטען האבען געמוזט פארמאכען זייערע קראמען. ביז 9 דעם זייגער האט זיך צונויפגעקליבען איין המון פון 10,000 מאן, עס האבען זיך פארזאמעלט אלע גייסטליכע פון שטאדט, ווער עס האט ניט געוואלט געהן מיט גוטען האט מען איהם געשלעפט איבער גוואלד און מען האט אויסגעקליבען א דעפוטאציע און אוועקגעשיקט צום וואליאדען. די דעפוטאציע האט פון וואליאדען פארלאנגט: 1) מבטל צו זיין דעם נייעם צאל־טאריף. 2) אבצושאפען פון דער טאמאזשנע אלע קריסטען און זייערע שטעלעס איבערגעבען מאחמאדאנער. 3) ארויסשיקען פון שטאדט אין א משך פון דריי שעה דעם פערוואלטער פון דער טאמאזשנע דעם בעלגיער פרים, אויב ניט וועלען זיי בעפאלען זיין הויז און אויסראבירען. 4) באלד צו פארמאכען אלע שולען, אין וועלכע עס ווערד געלערענט פראנצויזיש און רוסיש. 5) צו פארמאכען אלע קאבאקען און צוויי נייע גאסט־הייזער.

דער פרינץ, וועלכער האט ביי דער האנט נישט געהאט גענוג סאלדאטען, די אונרוהען איינצושטילען, האט זיי צוגעזאגט אלצדינג צו פאלגען און דעם פערוואלטער פון דער טאמאזשנע האט ער געשיקט א בריף, אין וועלכען ער בעט איהם, ער זאל אויף א קורצע צייט ארויספאהרען פון שטאדט. ה׳ פרים איז ארויסגעפאהרען פון טאווריז און דער פרינץ האט מיטגעשיקט איינינע פון זיינע סאלדאטען זיי זאלען שיצען דעם בעלגישען פערוואלטער פון דעם געררייצטען המון, די שולען מיט די קאבאקעס האט מען פארחתמ'עט. דענסטמאל ערשט איז זיך דער המון צעגאנגען.

שפעטער איז אנגעקומען דער רוסישער גענעראל־קאנסול און האט פארלאנגט פון פרינצען, מען זאל זיכערען דאס לעבען און פאר־מעגען פון די קריסטען, דערויף האט דער פרינץ געענטפערט, אז מען האט אנגעווענדט שטרענגע מיטעל צו בעשיצען די קריסטען.

פ. וו.

---

## וואס איז ליבע?

כמעט יעדעס מאל, וואס ער קלערט נאר וועגען איהר — און קלערען קלערט ער אפט — קומט איהם די פראגע אין קאפ אריין. דאס הארץ צאפעלט און שפרינגט, און וויל נישט וויסען פון קיין פראגען, און דער מח בלייבט, ווי אויף צו להכעיס, קאלט און שטעלט זיך פראגען און צעפיצעלט זיי אויף שטיקלעך. ער ווייסט און שפירט גאנץ גוט, אז דאס בלויסע קלערען וועגען דעם און דאס מעגליכקייט פון אזא פראגע שוואכען שוין אב די בלינדע קראפט פון א ליבע און רויבען איהר די פאנטאזיע אוועק. א בלינדע ליבע, פלעגט ער

זאגען, איז א מין זיס אנגענעהם שכרות; וואס מעהר מען קלערט דערינען געהט דאס שכרות אוועק. אונ דאך קאן ער זיך נישט איינהאלטען פון אבצושפּאלטען זיך דאס הארץ אונ אראב צו גראבלען דארט אזוי ווי מיט א חירורגיש מעסערל. אביסל האט ער דאמיט טאקי זיין נאטור צו פארדאנקען. נישט איין מאל האט ער זיך דעם טויט געוואונשען פאר דעם וואס ער איז איין אויסנאהם פון אלע מענשען אונ קאן זיך נישט גלייך מיט זיי פרייען אונ לאכען, טרויערן אונ וויינען, אויפרעגען זיך אונ דערהיצען. מעהרסטען טייל, ווען ער לאכט מיט מיט אלע, גליסט זיך איהם גאר צו וויינען, אונ פארקעהרט, ווען אלע וויינען — צו לאכען. עפּיס דאכט זיך איהם, אז אין מח זיצט ביי איהם א קליין מענשעלע, א קלוג מענשעלע, וועלכעס האט שטענדיג חשק צו בעטראכטען יעדע זאך פון ביידע זייטען. אונ אז מען קעהרט איבער די זאכען בעקומען זיי טאקי באלד איין אנדער קאליר. אז עס איז פאראן, אדער ווייניגסטענס, אז עס דארף צו זיין ליבע אין דער וועלט — דאס פארשטעהט ער גוט, נאך מעהר פיהלט ער עס. א סך מאל דאכט זיך איהם, אז זיין הארץ זעלבסט איז אויך א ברענענדיגער קעסעל מיט ליבע, ליבע צו מענשען, בהמות, געוויכסע. נאר אז פון אלע מענשען זאל פּלוצלינג ארויסוואכסען איין מענשעלע, איין קליין פינטעלע אין די גאנצע נאטור זאל מאכען א פאלט אין זיין הארץ אונ בעהאלטען דארט פאר זיך בעזונדערע ליבע — דאס קאן ער בשום אופן נישט פארשטעהן, אונ א פאר וואכען צוריק וואלט ער עס אפילו נישט געגלויבט. אמת, דאס מענשעלע איז טאקי שען אונ שענקייט אין וואס עס איז האט איהם שטענדיג געווארמט, דאס מענשעלע איז רייצענד, פשוט א רויז; נאר רויזען זענען דאך דא א סך אין דעם גרויסען גארטען אונ ער פלעגט אלע גלייך ליב האבען, גלייך שעצען. מילא אז מאן אונ ווייב האבען זיך ליב איז נאך צו פארשטעהן: זיך צוגעוואהנט, צוגעבאקען... נאר זעהן פּלוצלינג א מיידל אונ זיך פארליבען אין איהר באלד נאך די ערשטע בליקען, באלד נאך די ערשטע פאר ווערטער, דאס, דאכט זיך איהם, איז צופיעל נאטירליך... צופיעל בהמיש... אונ דער געדאנק שרעקט איהם.

בעקאנט געווארען איז ער מיט איהר ביי איהר פעטער, וואו ס'זענען זיך צוזאמען געקומען יונגע לייט „רעדען“ איבער „לעבענס-פראגען“. מען האט זיי פארגעשטעלט איינער דעם אנדערען אונ זיי האבען זיך גלייכגילטיג, קאלט געגעבען די הענט אונ גאר נישט. אפילו איהר נאמען האט ער פארגעסען. באלד האט ער זיך אריין געלאזט אין א היציגען וכוח מיט די מענשען, וואס זענען געזעסען דארט, אונ זי האט ער כמעט נישט בעמערקט. געשפּארט האט מען זיך דאס מאל איבער די „פרויען-פראגע“ אונ ער האט שארף ארויסגעזאגט זיין מיינונג, אז נאר די פרויען אליין זענען שולדיג אין זייער נידריגע לאגע. נאר אין מיטען, ווי ער איז געוועזען בעשעפטיגט אבצוזאגען זיך פון זיינע געגנער, האט איהם א פריש קול איבערגעהאקט די רייד. „ענטשולדיגט הער פיינקינד — האט זי זיך געווענדט צו איהם — איר פרויען זענען טאקי נאראנים, בארבארען; נאר איהר מאנסלייט זענט דאך יא קלוג, איידעל, געבילדעט, פאר וואס הערט איהר נישט אויף אונז צו עקספּלאאטירען אויף יעדען טריט?“ די טענה איז איהם שוין געוועזען לאנג בעקאנט אונ אין זיין מח האט ער שטענדיג געהאט גרייטע תשובות אויף איהר, נאר דאס מאל איז זי געקומען אזוי אומגעריכט, פון אזא אונערווארטעטען ארט, אז ער איז געבליבען זיצען ווי אבגעגאסען מיט קאלט וואסער. אונ זי האט דערווייל גערעדט, א סך גערעדט, אונ ער האט איהר גלייך געקוקט אין מויל אריין, אין די אויגען אריין, וואס האבען פייערדיג געבליצט. בשום אופן האט ער נישט געקאנט אוועק רייסען די אויגען פון די צוויי פּורפּור-ליפּען אונ די ווייסע שורות צייהן, וואס האבען זיך בעוועגט אזוי שען, אזוי ליבליך, אונ געגעבען ארויס אזעלכע הארמאנישע שטימען. וואס זי האט גערעדט, האט ער נישט פארשטאנען, נאר פּלוצלינג האט ער געשפּירט ווי א פייערדיגער שטראם בלוט רייסט זיך אריין אין זיין הארץ; ער האט זיך דערמאנט אז זי רעדט וועגען איהם אונ צו איהם אונ עס האט איהם אנגעהויבען ווארם צו ווערען, וואס אמאל מעהר אונ מעהר. א גרויסער טראפּ האט זיך אראב געקוילערט פון זיין שטערן, דער קראוואט זיינער האט זיך ארויף גערוקט ביז צו דער בארד, נאר ער האט מורא געהאט א ריהר צו געבען מיט די האנט. אז זי האט געענדיגט איהרע רייד, האט ער בעמערקט ווי ס'קוקען אויף איהם צעהן פּאר אויגען, אלע ווארטען אויף זיין ענטפער, נאר ער האט גאר נישט געענטפערט אונ איז געזעסען שטיל ביז צום אהיים געהן. אויפ'ן וועג ביים אהיים געהן, ווען ער איז געבליבען מיט איהר אליין, האט זי איהם געפרעגט אויב ער איז אויף איהר בייז. „בייז?“ — האט ער איבערגעפרעגט — „אויף אייך?“ ביי זיך אין הארץ האט ער אפילו באלד חרטה געהאט אויף די לעצטע ווערטער, נאר צוריק נעמען זיי איז שוין געוועזען אוממעגליך. דערנאך האבען זיי עטליכע מאל איבערשפּאצירט די מיאדאווע גאס, ווי זי האט געוואהנט אונ ער האט איהר געלאסען ערקלערט זיין מיינונג וועגען דעם, וואס זיי האבען זיך פריהער געשפּארט. ביי דעם געזעגענען האבען זיי זיך צוגעזאגט מארגען נאך א מאל זיך צו זעהן. — אזוי איז עס געגאנגען וואס אמאל ווייטער אונ ווייטער, אונ ער האט אנגעהויבען צו בעמערקען א פאראנדערונג אין זיין הארץ, גלייך ווי עס וואלט זיך דארט געעפענט א פרישער קוואל, וואס ברענגט אריין פריש בלוט אונ פרישע געפיהלען. צומייסט פיהלט ער דאס ווען ער זיצט מיט איהר אויף דער נאכט אין זאקסישען גארטען אונטער א געדיכטען בוים, ביידע צוגעטולעט איינער צום אנדערען, איהרע הענט אין זיינע, ער דערציילט איהר פון גאט אונ די נאטור, פון מענשהייט אונ יודענטום אונ זי הארכט אויפמערקזאם, די געדיכטע ברעמען הייבען זיך אויף, די אויגען ווערען גרעסער אונ ברייטער. דענסטמאל חאפּט איהם אן א מאדנע תאוה, א תאוה אריין צו שפּרינגען אין די שווארץ-סאמעטענע אויגען, באדיי דערטרינקען צו ווערען אין זיי. טיילמאל ווען איהרע הענט געבען א ציטער, ווערד ער אזוי ווי עלעקטריזירט, עס שוידערט איהם אונ אויפ'ן הארץ ווערד איהם אזוי מילד, אזוי ווייך — ער שפּירט, אז מיט זיינע רייד האט ער איהר געהרג'עט א געט'ל אונ עס טוט איהם באנג. נאר דאס איז אלעס גאר נישט קעגען דעם וואס ער האט געפיהלט דענסטמאל ווען זי האט איהם צום ערשטען מאל אנגערופען ביים נאמען „משה“, ער איז איבערצייגט, אז דאס וועט ער שוין נישט פיהלען אזוי לאנג ווי ער וועט לעבען. ער איז געוועזען דער ערשטער, וואס האט פארגעלעגט אז זיי זאלען זיך זאגען „דו“ אונ ער האט טאקי באלד פּאקטיש מקיים

געוועזען און איהר געזאגט „דו"; נאר זי האט עטליכע טעג עפּיס נישט געקאנט ארויס זאגען פּראסט „דו", און ווען אפילו זי איז שוין געוועזען פארטיג אין די דעה צו זאגען „דו", האט זיך אומגערן ארויס געריסען פון מויל „זי". נאר איינמאל צוריק געהענדיג שפּעט ביי נאכט פון זאקסישען גארטען, די לבנה האט ליבליך אראב געשמייכעלט פון הימעל און איז געשוואומען צווישען די שטערען ווי א קוואקע צווישען די היהנדלעך. די לופט האט געשמעקט און א זיס ווינטל האט אלע מינוט א קוש געגעבען אין פּנים אריין און געשפּילט זיך מיט איהרע האר, — דענסטמאל געהענדיג אריין געטאן אין פארשידענע פאנטאזיעס און פעסט צודריקענדיג צו זיך איהר האנט, האט זי זיך פּלוצלינג א קעהר געטאן צו איהם: משה דו זעהסט? דיין נאמען איז אויף יענעם שילד! אין אנפאנג איז ער א ביסל צעמישט געווארען. דערנאך האט ער געשפּירט א שארפען קיצעל אונטער די לינקע זשעברע און האט זיך א חאפּ געגעבען צום הארץ. לאנג, זעהר לאנג, האט ער שוין נישט געהערט רופען זיין נאמען „משה". דער פּרינציפּאל זיינער רופט איהם פּראסט „פיינקינד", די חברים — פאניע פיינקינד, די ארבייטער פון די פאבריק — הער בוכהאלטער, נאר די טייערע ליבליכע ווערטער „משה", „דו" האט ער נישט געהערט אין ווארשא. א גאנצע נאכט האבען איהם די ווערטער דענסטמאל געקלונגען אין די אויערען, עפּיס אין א מין וואונדערבארע הארמאניע. ער האט געשפּירט, אז ער איז נישט אליין, אז ווען ער זאל שטארבען די נאכט איז דא א מענש, וואס וועט נאך געהן נאך איהם און וויינען, אמת'דיג וויינען: משה וואס האסט דו געטאן?

און דאך ווען ער זיצט אליין שפּעט ביי נאכט אין זיין קליין שטיבל, ווען אויף דעם אבגעארבעטען מענש פאלט א „מרה שחורה", אין שטערען מאכען זיך קנייטשען און די האר ווערען גרוי, ווען די שווארצע, דיקע שאטענס טאנצען ארום איבער די שטוב און רייצען זיך מיט דעם קליינעם לעמפּעל, וואס שטעהט אויפ'ן טיש, אז עס שטעלט זיך איהם א שאטען אברוהען אויפ'ן פּנים, קלעמט זיך איהם צו דאס הארץ און פון מויל רייסט זיך איהם ארויס די אלטע פראגע: „וואס איז ליבע?"

און אין אמת'ן, וואס איז ליבע?

י. ד. פּרייער.

---

## עס האבען די וואלקען גערופען...

עס האבען די וואלקען די פרייע גערופען צו מיר:<br>
„קום, פרייער — אין ליכטיגען לאנד טראגען וועלען מיר דיר:<br>
„עס האט אונז געבארען די ערד, און דאך וויגען מיר ליכט —<br>
„זאל שטראהלען און שיינען די דרום-זון אונז אין געזיכט!<br>
„מיר, פרייע, מיר פליהען, מיר ציהען—ווער שטעהט אונז אין וועג?<br>
„ווער פריי איז ווי מיר, דער קאן ציהען מיט אונז און דער מעג;<br>
„מיר טראגען דעם פרייען אין אונזערעם שויס, אין דעם קאן טען,<br>
„פון מענשליכע אויגען פארבארגען מיר איהם און בעהאלטען".

„קום, פרייער, קום פרייער!" האט מיר עס געקלונגען ארום,<br>
און איך בין געשטאנען אין פעלד פול פארלאנגען און שטום,<br>
ס'האט זיך געשטעלט מיר פאר וועהטוג א טרער אין די אויגען;<br>
עס זענען די וואלקען, די פרייע, זיך ווייטער געצויגען...

און העבער פון וואלקען ארויף איז איין אדלער געפלויגען,<br>
אלץ העכער — ביז ס'האבען איהם קוים נאר געזעהן די אויגען,<br>
נאך שנעלער פון וואלקען האט ער ערגעץ ווייט ווייט געיאגט —<br>
דער אדלער האט מיך ניט געזעהן און מיר גאר ניט געזאגט...

א. י. שטיינבערג.

---

## באגעגענישען.

### I.

### א בעקאנטער.

— איהר האט מיך דערקענט?

מיט דער פראגע האט זיך געווענדעט צו מיר א יוד פון א יאהר פיפציג.

— ניין, האב איך געענטפערט בעטראכטענדיג דעם יודען פון אלע זייטען.

— איך וואלט אייך אויך ניט דערקענט, ווען איך זאל ניט וויסען, ווען מען זאל מיר ניט אנגעוויזען, אז דאס זענט איהר.

דער יוד האט אנגערופען זיין נאמען און איך האב איהם באלד דערקענט.

דאס לעצטע מאל האב איך איהם געזעהן צוריק מיט א יאהר פיפצעהן אין זיין שטאדט אין פאדאליע, ער האט זיך דענסטמאל גערעכענט פאר איינעם פון די לייטישע שטאדט בעל-הבתים, ער האט דארט געהאט א גרויסע שניט-קראם.

צוריק מיט פיפצעהן יאהר האב איך איהם געקענט פאר א שען אויסגעפוצט יודל, און איצטער האב איך געזעהן פאר זיך א פארוואגעלטען, אויסגעדארטען יודען מיט איין איינגעטרוקענטער הויט אויף דעם פּנים, און זעהט אויס עלטער פון זיינע יאהרען, נאר די אויגען בלישטשען אין איהם.

— אין דער צייט, וואס מיר האבען זיך ניט געזעהן, בין איך ניט איין מאל געוועזען אין „אייער ווארשא" — איך בין געפאהרען קיין לאדז נאך סחורה, איך האב אבער קיינמאל קיין צייט ניט געהאט זיך זעהן מיט אייך, נאר איצטער פאהר איך אוועק אויף שטענדיג, בין איך געקומען זיך מיט אייך געזעגענען — איך פאהר קיין אמעריקא... איך בין איין עמיגראנט...

— איהר קיין אמעריקא? אין די יאהרען? וואס קאנט איהר דארט טון? אמעריקא, קאן אפשר זיין גוט פאר יונגע לייט, אבער ניט פאר אייך? האב איך ארויסגעזאגט מיין מיינונג פול מיט פראגען.

— איך פאהר ניט צוליב מיר, פון מיר וועט שוין גאר ניט זיין, איך פאהר צוליב מיינע קינדער.

— אבער וואס האט אייך אזוינס געצוואונגען פלוצים פאהרען און אלעם אוועקווארפען? — האב איך ניט אויפגעהערט פרעגען, זיך שטארק פאראינטערעסירט מיט דער לאגע פון מיינעם אמאליגען גוטען בעקאנטען.

— קישינוב, האט מיך געבראכט דערצו.

— איהר וואהנט דאך ניט אין קישינוב, איהר וואהנט דאך אין פאדאליע, איך גלויב אייער פארמעגען האט קיינער ניט אנגעריהרט?

— האב איך איהם איבערגעפרעגט.

—ניין, קיינער האט ניט אנגעריהרט, איך וואהן ניט אין קישינוב נאר „נאך קישינוב", איך קאן דא מעהר ניט בלייבען, ניט „איך"... איך מיין מיינע קינדער קאן איך דא מעהר ניט איבערלאזען... איך? — וואס בין איך? פאר מיר איז שוין אלץ איינס... נאר מיינע קינדער, מיינע קינדער!...

— אבער ווי אזוי לויפט מען אזוי קיין אמעריקא ניט בעטראכט...

מיין אלטער בעקאנטער איז מיר אריינגעפאלען אין די רייד, מיך ניט געלאזט ווייטער רעדען און זיך ארויפגעווארפען אויף מיר, ווי גלייך איך האב אנגעריהרט זיינע א וואונד.

— איהר ווייסט אודאי, אז מיט צוואנציג יאהר צוריק האב איך געליטען פון פאגראם, א סך זענען נאך דענסטמאל אוועקגעפאהרען און איך נאר בין געבליבען, איך האב געגלויבט, אז מעהר קענען אזוינע פאגראמען ניט פארקומען און איצטער אט נאט אייך „אזא קישינוב"... הלואי וואלט איך דענסטמאל גלייך מיט אלע אוועקגעפאהרען... וואלטען מיינע קינדער שוין לאנג מענשען געוועזען און איצטער, איצטער וואס זאל איך דא מיט זיי טון? „פאר קישינוב" האב איך געליטען גלייך מיט אלע, געהאפט אויף בעסערע צייטען, נאר איצטער, איצטער קאן איך מעהר ניט. איך ווייס ניט ווי אזוי איהר, ווי אזוי אנדערע זענען, נאר איך קאן ניט... איך ווייס, אז פיעל האבען זיך שוין איצטער בערוהיגט, נאר איך קאן זיך ניט בע־רוהיגען, ניט יעדענס „נאטור" איז גלייך. איך שווער אייך, אז פון „זינט קישינוב" בין איך נאך איין נאכט רוהיג ניט געשלאפען און ניט דערפאר וואס איך האב מורא, מען זאל מיר אויך ניט מאכען א פאגראם, נאר פון טרוי כטען קאן איך ניט שלאפען, איך מיין ווען איך הויב אן טראכטען, וואס וועט זיין פון מיינע קינדער...

און ער האט מיר אנגעהויבען ארויסלעגען א טרויריג צעטעל, ווי זיין עלטערער זוהן, וואס האט שוין חתונה געהאט און האט שוין א פאר קינדער „ליגט אויף זיין קאפ". צוויי טעכטער האט ער, וואס מען קאן זיי אין איין טאג גלייך פיהרען אונטער דער חופה און ער ווייסט ניט וואס מיט זיי אנהויבען צו טון, „זיי זענען פיינע קינדער און עס מאכט זיך דוקא שדוכים, נאר אימשטיינס געזאגט ווער זענען די חתנים? וואס וועלען זיי טון נאך דער חתונה? אז פארדיענען האבען זיי ניט פון וואנען, מיט וואס וועלען זיי מפרנס זיין זייערע פאמיליעם? מיט די עטליכע הונדערט רובל נדן וואס זיי האבען?" צוויי יונגלעך האט ער נאך, ביידע האבען געענדיגט מיט פיעל מיהע די „אויעזדנע אוטשילישטשע", וויפיעל געלד און צרות האט דאס איהם געקאסט און איצטער וואס טוט מען מיט זיי? וואו ווייטער לערנען איז ניט דא, וואס מאכט מען פון זיי איצטער? דערצו איז די פרנסה ניט אין בעסטען, וואס א יאהר לייזט מען ווינציגער אין קלייט און די הוצאה ווערד גרעסער, און אליין ווערד מען עלטער, עס איז שוין באלד ניט דא קיין כח צו ארבייטען.

נאך דעם טרויריגען צעטעל האט מיין בעקאנטער ווידער זיך אומגעקעהרט צום פריהריגען.

— איך ווייס אלעם וואס איהר וועט מיר זאגען, אז אין אמע־ריקא ווארט אויף מיר ניט קיין גליקען, אז דא ווי אזוי עס איז, זיצט מען זיך אויף איין אנגעזעסענעם ארט און ווער ווייסט צי וועט מען עפּים דארט געפינען צו פארדיענען. דאס אלעס ווייס איך אליין. נאר איך זאג אייך, אז ערגער ווי דא קאן מיר אין ערגעץ ניט זיין. איך אייל מיך אוועקצופאהרען וואס גיכער, כל זמן איך האב נאך פון מיין ביסל פארמעגען געקאנט צונויפקלאפען עטליכע רובל. וואס וואלט איהר געוואלט, איך זאל טאקי ווארטען ביז איך וועל בלייבען אהן א גראשען? א דענסטמאל וועל איך שוין דא פארזינקען ווערען און וועל שוין ניט קענען פאהרען.

— פון וואנען איז געדרונגען, אז איהר וועט בלייבען אהן געלד? אפשר וועלען אייערע געשעפטען זיך דא פארבעסערען מיט דער צייט און אייער קאפיטאל וועט פארגרעסערט ווערען?

מיין בעקאנטער האט זיך ביטער צעלאכט.

— פארגרעסערט ווערען... די געשעפטען וועלען זיך פארבע־סערען?... וועגען דעם קאן מען אפשר שרייבען שענע ארטיקלען אין אייערע צייטונגען... אבער וואס עס טוט זיך ביי אונז יודען מיט די יודישע מסחרים און יודישע פרנסות, דאס ווייס איך בעסער פון אייך, אט נעמט אונזער שטאדט צוריק מיט פיפצעהן יאהר און איצטער. איהר געדענקט נאך אפשר די יודישע גבירים און פארמעגליכע יודישע בעלי־הבתים. היינט איז פון זיי קיין זכר ניט דא; דאס הייסט זיי זענען דא, אבער זייערע פריהעריגע קאפיטאלען האבען זיי שוין ניט, טייל זענען פראסטע קבצנים געווארען און טייל האלטען זיך כלומר׳שט אויף די פיס, אבער קיין געלט האט קיינער ניט. מיינט איהר עס זענען אויף זייער ארט צוגעקומען נייע גבירים, דאס הייסט זייערע קאפיטאלען זענען איבערגעגאנגען צו אנדערע יודען? — אויך ניט. רייך און פארמעגליך זענען ביי אונז אין שטאדט געווארען ניט קיין יודען. וואס א יאהר, וואס א יאהר בייטלען זיך אוים יודען און ווע־רען ארימער און ארימער, יודישע קאפיטאלען גהען איבער צו אנ־דערע. ווי אזוי דאס ווערד קאן איך אייך ניט איבערגעבען, איך ווייס נאר, אז ווי אזוי יודען בארגען און שפארען און באגניגען זיך מיט ווייניג, נאר דאס יודישע געלט געהט איבער סוף כל סוף צו ניט יודען, צו די וואס שפארען ניט און לעבען א גוטען טאג. און יודען ווערען ארימער. דאס קאן יעדער בעמערקען אין זיין שטאדט, אז קיין נייע יודישע קאפיטאליסטען קומען ניט צו און פון די פריהערדיגע ווערען וואס אמאל ווייניגער. פון מיין פריהעריגער גרויסער קראם איז שוין די לעצטע יאהרען קיין דריטעל ניט געבליבען...

נאך דעם ווי מיין בעקאנטער יוד האט זיך א ביסל אויסגערעדט דאס הארץ, האט ער מיר דערציילט, אז ער מיט זיין פאמיליע געפי־נען זיך איצטער אין „מעבלירטע קאמנאטעס" אויף די „נאלעווקים"... און אז אין א פאר טאג ארום פאהרט ער מיט דער וויענער באהן דורך בערלין קיין האמבורג און דארטען זעצט ער זיך אויף דער שיף גלייך קיין ניו־יארק.

— איהר געדענקט נאך אודאי מיין ווייב און מיינע עלטערע קינדער, קומט אריין וועט איהר זיך געזעגענען מיט זיי, מיר פאהרען שוין אוועק אויף שטענדיג.

אוף מארגען בין איך געוועזען אין די „מעבלירטע קאמנאטעס" אויף די „נאלעווקים".

מ. ספעקטאר.

# חרבן בית שני.

פון דער צייט, וואס יהודה המכבי איז געשטארבען ווי א העלד אויף דעם פעלד פון דער מלחמה מיט די גריכען, און זיינע ברידער יונתן און שמעון החשמנאי האבען סוף כל סוף באפרייט דאס יודישע פאלק פון דעם גריכישען יאך, האבען אויך די יודען אנגעהויבען לעבען אפרייעם פאליטישען לעבען און זענען געווארען, ווי מע זאגט, לייטען גלייך. יוחנן הורקנוס, שמעונ'ס זוהן און אלכסנדר ינאי זיין זוהן זענען געווען שטארקע העלדען און בעלי מלחמה. זיי האבען מנצח געווען אלע פעלקער, וואס ארום ארץ ישראל, און די אנדערע פעלקער האבען באקומען דרך־ארץ פאר די יודען. איבערהויפט האבען יודען גוט געלעבט אין דער צייט ווען ינאי'ס ווייב, שלומית אלכסנדרה, איז געווארען א מלכה אנשטאט איהר פארשטארבענעם מאן. יודען האבען דעמאלט געלעבט רוהיג, שטיל „איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו" — יעדער אונטער זיין ווייגשטאק און יעדער אונטער זיין פייגענבוים.

נאר ווי אט די בעריהמטע פרוי איז אבגעשטארבען, איז מיט איהר צוזאמען אבגעשטארבען אויך דאס יודישע גליק. איהרע צוויי זיהן הורקנוס און אריסתבל האבען זיך ניט געקאנט צעטיילען מיט דער ירושה, יעדען פון זיי האט זיך געוואלט זיין א מלך, און אין ארץ ישראל איז געווארען אויס שלום. און מען האט זיך אזוי לאנג געקריגט איבער דער מלוכה און זי געריסען איינער ביי דעם צווייטען פון די הענט, ביז די רוימער האבען זיך אריינגעמישט אין די יודישע ענינים, און פון די חשמנאים איז ניט געבליבען קיין זכר, און אנשטאט זיי איז געווארען א מלך אין ארץ ישראל אגר איין אדומי, וואס האט אנגענומען דעם יודישען גלויבען, א פאלשער מענש, איין אכזר מיט דעם נאמען הורדוס. וועלכער איז געווען איבער געגעבען מיט לייב און לעבען צו די רוימער.

נאך הורדוס'עס טויט, ווערען די רוימער אין גאנצען בעלי־בתים אין ארץ ישראל, וועלכע איז געווארען פון אפרייע לאנד ניט מעהר ווי ארוימישע פראווינץ, און הגם עס זענען נאך געווען פון הורדוס'עס קינדער און אייניקליך כלומר'שט מלכים אין ארץ ישראל, נאר באמת האבען זיי ניט געהאט קיין שום כח פון א מלך, און האבען געמוזט טון אלץ, וואס דער רוימישער פארטרעטער (נאמעסטניק) האט זיי געהייסען. דערצו זענען די הורדוסים געווען רשעים און אכזרים ווי זייער פאטער. די צרות און יסורים, וואס יודען זענען אויסגעשטאנען פון זייערע מלכים און פון די רוימער, איז אונמעגליך צו בעשרייבען אין אזא קליינעם מאמר ווי איך וויל דא געבען מיינע לעזער. איין אויסנאהם פון הורדוס'עס קינדער איז געווען זיין אייניקעל אגריפס דער ערשטער. ער איז געווען א פרומער און א גוטער מענש, ער האט באמת ליב געהאט זיין אומגליקליך פאלק, און האט איהם געוואלט בעפרייען פון רוימישען יאך, נאר צום אומגליק האט ער ניט לאנג געקיניגט, און נאך זיין טויט האבען די יודען פארלארען די מלוכה אויף אייביג.

אגריפס דער צווייטער — אגריפס דעם ערשטענס זוהן — איז שוין ניט געווען קיין מלך, נאר א נשיא און אין ארץ ישראל איז געזעסען א פעטרעטער (פראקוראט), וועלכער האט זעהר שטארק געדרוקט די יודען. מעהר פון אלעמען האט אנגעטאן צרות די יודען דער פארטרעטער גסיוס פלורוס. דעמאלט האט נירון־קיסר געהערשט איבער די רוימער, א משוגענער, וואס האט גאר נישט אכטונג געגעבען אויף זיינע לענדער, און פלורוס האט געטאן מיט יודען, וואס ער האט געוואלט. הגם קיסטיוס גלוס, דער פארטרעטער פון סוריא האט איהם מתרה געווען, אז ער זאל ניט רייצען די יודען, ווארום סוף כל סוף וועט ביי זיי פלאצען די געדולד, נאר פלורוס האט זיינע קלוגע ווערטער ניט געפאלגט.

דאצו טרעפען זיך אזעלכע מעשיות: אין ארץ ישראל איז געווען א שטאדט קסריה. איהרע הויפט־איינוואהנער זענען געווען גריכען. האבען זיך מישב געווען די גריכען און האבען אבגענומען די רעכטע (פראוועס) ביי די יודישע איינוואהנער פון קסריה, וואס זיצען אין איין אייגענעם לאנד. נאר יודען האבען געליטען די העזה פון פלורוסען און האבען געשוויגען. איין מאל, שבת, בעת דאווענען, איז צוגעגאנגען א גריכע צו דער יודישער שוהל, און האט מקריב געווען אויף דער גאס צוויי טויבען (א קרבן פון א מצורע) — א רמז, אז יודען זענען קרעציג און דערפאר האט מען זיי אמאל פארטריבען פון מצרים, ווי א גריכישער שרייבער האט אויסגעטראכט.

די חרפה האבען יודען שוין ניט געקאנט אריבערטראגען, און זענען בעפאלען די גריכען און עס איז געווארען א מלחמה אין קסריה, און פון ביידע זייטען זענען געפאלען פיעל הרוגים, און צום סוף האבען די יודען צוגענומען זייערע ספרי־תורה און האבען פארלאזען די שטאדט. אז די יודען אין ירושלים האבען דערהערט די מעשה, האט עס זיי זעהר געקרענקט, אז גרים, פרעמדע זאלען האבען א העזה צו דריקען די בעלי־בתים פון דעם לאנד. דעמאלט האבען פיעל יודען גענומען צדקה־פישקעס און זענען ארומגעגאנגען אין די גאסען פון ירושלים און האבען אויסגערופען: „גיט א גראשען דעם קבצן פלורוס!" ווייל פלורוס האט זעהר ליב געהאט געלד און שוחד. פלורוס איז געווארען שטארק אין כעס, הערענדיג ווי מע זידעלט איהם, און האט געהייסען זיינע סאלדאטען שלאגען און רויבען די יודען אין ירושלים.

די יודען האבען זיך שוין געוואלט בערוהיגען, נאר פלורוס'ען האט זיך אבער געגליסט בעפאלען דעם בית המקדש און בעראבעווען איהם. דאס האבען די יודען בשום אופן ניט געקאנט צולאזען, און האבען מיט גרויס גבורה צוריקגעשטויסען די רוימישע מיליטער פון בית המקדש און פיעל פון דעם פיינד זענען געפאלען, און פלורוס האט געמוזט מציל זיין זיין לעבען, אנטלויפענדיג פון ירושלים מיט חרפה.

באלד ווי דער צורר פלורוס האט פארלאזען ירושלים, האבען זיך צונויפגעזאמעלט די יודישע יונגע לייט און האבען געשווארען, אז זיי זאלען בעשיצען זייער פרייהייט ביז דעם לעצטען טראפען בלוט. און אלע מענשען וואס זענען צוגעשטאנען צו דער שבועה האבען בעקומען דעם נאמען „קנאים". זייער אנפיהרער איז געווארען אלעזר בן חנניה הכהן, א גרויסער מיוחס, וועלכער האט געשטאמט פון כהנים גדולים, א גרויסער חכם, א תלמיד פון די בית שמאי, און איבערהויפט א הייסער נאציאנאליסט, און דאס יודענטהום איז ביי איהם געווען טייערער פון זיין לעבען.

אויסער דיזער פארטיע זענען געווען די בית-הלל געגען דער מרידה, ווייל די בית-הלל זענען געווען בטבע גוטע, ווייכהארציגע מענשען, און האבען פיינט געהאט מלחמה און בלוט פארגיסען, און אין זייער פראמקייט האבען זיי געהאפט, אז סוף כל סוף וועט רוים האבען א מפלה און יודען וועלען פון די רוימער בעפרייט ווערען אהן א מרידה. דיעזע פארטיע האט געהייסען „מתונים" (געלאסענע). די דריטע פארטיע איז אויך געווען געגען דער מלחמה, נאר מחמת איין אנדער טעם. אט די לעצטע פארטיע איז בעשטאנען פון אריסטאקראטען און רייכע לייט, וואס פאר זייערע געשעפטען האט ניט געטויגט קיין מלחמה. זיי האט זיך בכלל גוט געלעבט, און האבען ניט געפיהלט דעם יאך פון די רוימער.

דער הויפטמאן פון די אריסטאקראטען איז געווען אגריפס דער צווייטער, איין איבערגעגעבענער מיט לייב און זעלע צו די רוימער. ער האט מיט טרערען געבעטען די קנאים, אז זיי זאלען ניט אויפהייבען קיין מרידה געגען רוים; און מיט זיינע גלאטע רייד האט ער זיי כמעט איינגערעדט. נאר אז ער האט זיי אויך געבעטען, אז זיי זאלען ערלויבען פלורוס'ען צוריקצוקעהרען אין ירושלים, האט דאס פאלק אנגעהויבען שרייען און ווארפען אויף אגריפס'ן שטיינער, און זיי וואלטען איהם געוויס געטוידט, ווען ער וואלט ניט באלד אנטלאפען פון ירושלים.

אין ירושלים איז דעמאלט געווען א באנדע רויבער, וואס האט געהייסען: „סיקאריקער". די רוימישע נאמיעסטניק'ס פלעגען רודפ'ן די סיקאריקין, נאר פלורוס פלעגט ביי זיי נעהמען שוחד און האט זיך געמאכט ניט זעהענדיג זייערע מעשים, און אפט מאל, אז ער האט געוואלט אן עמעצען זיך נוקם זיין, האט ער יענעם געטוידט דורך די סיקאריקין. גאר הגם דיעזע מענשען זענען געווען פערדארבענע רוצחים, נאר אין הארצען זענען זיי געווען פאטריאטען, און האבען די רוימער זעהר פיינד געהאט, און ווי נאר אגריפס איז אנטלאפען פון ירושלים, זענען די סיקאריקין בעפאלען די פעסטונג מסדה, אין וועלכער די רוימער זענען געווען בעפעסטיגט. און האבען אויסגעקוילעט אלע רוימער און צוגענומען זייערע כלי-זין.

אלעזר בן חנניה האט זיך בענוצט מיט דעם גייסט פון דעם פאלק, און האט איהם אונטערגעהיצט, אז עס זאל זיך נעמען צום געוועהר און אראבווארפען פון זיך דעם רוימישען יאך. פון דעם טאג וואס אגריפס איז אנטלאפען פון ירושלים, האבען די יודען אויפגעהערט צאהלען מס די רוימער, די כהנים האבען אויפגעהערט צונעמען קרבנות פון ניט יודען, און האבען שוין מעהר ניט מקריב געווען קיין קרבן תמיד פאר דעם קייזער'ס שלום, און דאס איז געווען א סימן, אז די יודען האבען מורד געווען געגען רוים. דאס אלץ איז געשעהן דורך אלעזר'ס עצה, און זיין נאמען איז געווארען זעהר געאכטעט ביי דעם פאלק, ובפרט ביי די קנאים.

(פארטזעצונג קומט).

ש. בערמאן.

# לעבען און געזונט זיין.

(פאלשע כללים. זופ. פיש אויף שבת. דער געזונטסטער פיש. עשו'ס רויטע לינזען. שוועמלעך און שאר ירקות. א סגולה צו אפעטיט. ווי אזוי קאכט מען אייער? א רעצעפט פון א יאפאנער גרויסען דאקטאר. קרעפלעך ווערען אויך פארמיאוס'ט. דער כח פון קאווע. וואס צו פיעל איז איבריג. ווארפט נישט ארויס קיין געלד, ח"י צום לעבען).

כדי געזונט צו זיין און געזונט צו בלייבען מוז מען ביים עסען נזהר זיין אין די כללים פון די געזונטהייטסלעהרע. עס זענען אבער פא-האן כללים, וואס זענען ביי מענשען זיכער און ביי אלעמען אנגענומען און געהיט און פון דעסטוועגען זענען זיי פאלש. וויפיעל פאלשע כללים זענען פארברייט, מיינט איהר, וועגען „געזונטע" און „נישט געזונטע" שפייזען!

אט האט איהר אייך למשל זופע פון פלייש. יעדער זאגט, אז דאס איז די געזונטסטע שפייז פאר געזונטע און פאר קראנקע. — עס איז גאר נישט אזוי ווי מען מיינט.

אנדערע זאגען, אז פיש האבען אין זיך מעהר פאספאר ווי אלע שפייזען און זענען דעריבער „געזונט" צו עסען פאר מענשען, וואס ארבייטען מיט דעם מח. דער אלטער מנהג, וועלכער איז ביי אונז יודען פארברייט צו עסען פיש ווענינגסטענס איינמאל אין דער וואך, שבת, שטאמט א ודאי פון דעם כלל, ווייל יודען ארבייטען מיט דעם מח מעהר ווי אנדערע פעלקער. איך קאן אייך זאגען, רבותי, אז ביי וויסענשאפטליכע אונטערזוכונגען האט מען גאר נישט געפונען אין קיין שום פיש מעהר פאספאר ווי אין אנדער פלייש. מען זאגט אויך, אז פיש איז לייכטער צו פערדויען, ווייל דאס פלייש פון פיש האט זעהר קורצע פעדעם. אבער אין אמת'ן איז מאגער פלייש אויך אזוי לייכט צו פערדויען ווי פיש. אויך מוז איך אייך אויסזאגען א סוד, אז פון אלע מינים פיש איז דער הערינג דער „געזונטסטער", ווייל ער האט אין זיך פיעל מעהר נעהרקראפט און איז פאר דעם מאגען לייכטער צו פערדויען ווי אלע פיש. ער האט אבער צו דעם נאך א גרויסע מעלה: ער איז דער בילינגסטער פיש. און פאר געמיינע יודען, וואס ווילען דווקא מקיים זיין דעם מנהג, צו עסען שבת פיש, איז איין תכלית צו קויפען פאר א פאר גראשען הערינג, עס איז געזונט פאר'ן מאגען און נאך מעהר פאר די קעשענע.

צווישען די פלאנצען-שפייזען זענען די וויכטיגסטע ארבעס, פאסאליעס און לינזען. די לינזען זענען געווען איינער פון די עלטסטע מיטעל צו ערנעהרען די מענשען. די רויטע לינזע איז דאס געקעכטס, פאר וועלכעס עשו האט יעקב'ן פארקויפט די בכורה.

אנדערע בעהויפטען, אז שוועמלעך (גזיבעס) זענען די בעסטע שפייז פון אלע שפייזען, וואס קומען פון דער ערד. מען זאגט אפילו, אז זיי האבען די זעלבע נעהרקראפט וואס פלייש און די וועגעטאריער, וואס ווילען, אז מענשען זאלען אויפהערען אויסצומארדען די בעלי-חיים און זייער פלייש צו עסען, זאגען אז שוועמלעך קענען דעם מענשען געבען מיט זייער נעהרשטאף דאס אייגענע וואס פלייש. דאס, זעהט איהר, איז אויך נישט אין גאנצען אמת, נייע חעמישע אונטערזוכונגען האבען געוויזען, אז שוועמלעך האבען נאר איין איינציגען שטאף אין זיך גלייך ווי פלייש, דהיינו — וואסער. דער וויכטיגסטער שטאף פונ'ם פלייש, דהיינו אייוויים, האבען

שוועמלעך א סך וועניגער ווי פלייש. צעהן פונט שוועמלעך האבען אין זיך אזוי פיעל אייוויים ווי נאר איין פונד רינדערפלייש. א וועגעטאריער, וואס וויל בעקומען זיין פארציע אייוויים פון שוועמלעך, וועט מוזען אויפעסען צעהן פארציעס שוועמלעך. עס איז אבער א ספק אויב זיין מאגען וועט דאס פארטראגען. דאקטוירים האבען היינט דערקענט, אז שוועמלעך האבען נישט מעהר נעהרווערט ווי די שאר ירקות, אין טייל זאכען זענען זיי נאך ערגער. פרישע שוועמלעך זומערדיגע, וואס וואכסען נאך דעם רעגען, זענען אפילו יא געזונט צום עסען, דער מאגען פארדויעט זיי לייכט, דאס ביסל אייוויים מיט דעם ביסל צוקער, וואס זיי האבען אין זיך, איז נישט צו פארזינדיגען, אבער צו די געוועהנליכע שפייזען, פלייש, מילך און אייער, קומען זיי נישט. זעהט איהר, פאר געווירץ צו אנדערע שפייזען קענט איהר בענוצען שוועמלעך; זיי האבען אין זיך א סך מינים זאלץ און מאכען דעריבער אפעטיט צום עסען. זאכען וואס מאכען אפעטיט זענען אזוי וויכטיג ווי די שפייזען אליין, ווייל עסען אהן אפעטיט האט גאר גישט קיין ווערט.

צו די געזונטסטע שפייזען רעכענט מען געוועהנליך אייער. יעדער ווייסט אויך, אז הארטע אייער זענען נישט געזונט צו עסען, נאר ווייכע. ווייכע אייער מוז מען אבער קענען קאכען. איך וויל אייך דא געבען א גוט רעצעפט, ווי אזוי עס איז אם בעסטען צו קאכען ווייכע אייער. דאס רעצעפט איז אויך אינטערעסאנט, ווייל עס שטאמט פון זעהר א וויטען דאקטאר, פון'ם גענעראל־ארצט דאקטאר קאנאזוקע זודזוקי, דער הויפט־דאקטאר אינ'ם מארינע־שפיטאל אין יאקאזוקא אין יאפאן. געוועהנליך קאכט מען ווייכע אייער אויף אזא אופן: מען לעגט זיי אין קאכעדיג וואסער ביים פייער אויף דריי — פיער מינוט, אדער בעסער מען נעמט דאס קאכעדיגע וואסער אוועק פונ'ם פייער און מען לאזט די אייער ליגען אינ'ם וואסער 10 מינוט. אויף דעם אופן ווערד אבער נאר דאס ווייסל אביסל פארהארטעוועט, דאס געלעכל אבער בלייבט רויה, פליסיג. א מאל מאכט זיך, אז דאס ווייסל איז שוין צו הארט און דאס געלעכל גאנץ רויה. דער יאפאנישער גענעראל־ארצט האט געפונען, אז עס טרעפט זיך אמאל, דאס געלעכל איז הארט און דאס ווייסל ווייך און אזוינע אייער האבען דווקא דעם בעסטען טעם. דאקטאר זודזוקי האט אונטערזוכט און געפונען, אז דאס ווייסל הייבט אן פארהארטעוועט צו ווערען ביי 63 גראד צעלזיוס, הערט אויף צו זיין פליסיג, איז אבער נאך גענוג ווייך ביי 77 גראד און ווערד שוין גאנץ הארט ביי 83 גראד צעלזיוס. דאס געלעכל אבער הייבט אן פארהארטעוועט צו ווערען ערשט ביי 65 גראד צעלזיוס, הערט אויף צו זיין פליסיג שוין ביי 67 גראד, אבער נאך ווייך, הארט ווערד עס שוין ביי 73 גראד און גאנץ טרוקען און בראקעליג ביי 77 גראד. צייט ברויך דאס איי ביי קאכעדיג וואסער ביז עס הייבט אן גערונען צו ווערען: דאס ווייסל 5 מינוט און דאס געלעכל 20 מינוט, אויף דעם אופן האט דער יאפאנישער דאקטאר ארויסגעפונען, אז דאס בעסטע רעצעפט צו קאכען אייער איז אריינצולעגען זיי נישט אין קאכעדיג וואסער, נאר אין הייס וואסער פון 68—70 גראד צעלזיוס און דארט לאזען ליגען 30—40 מינוט. ביי אזא קאכען בלייבט דאס ווייסל ווייך און האלב פליסיג און דאס געלעכל שוין אביסל צוזאמען געפעסטעוועט און דאס איי איז זעהר גוט אין טעם און זעהר געזונט און לייכט פאר'ן מאגען. צו קאכען אייער אויף אזא אופן האט אבער נאך איין מעלה: מען מוז זיי נישט קאכען פאר דעם עסען, אז מען זאל מוזען אויף זיי ווארטען. מען קאן זיי קאכען אין דער פריה און לאזען ליגען קאלט אפילו א גאנצען טאג און אפילו דעם אנדערען טאג צו עסען שאדט אויך נישט. אז מען וויל זיי עסעןווארם, לעגט מען זיי אריין אויף 8 מינוט אין הייס וואסער פון 70 גראד; איז דער טעם בעסער. דער יאפאנישער דאקטאר פארזיכערט, אז אזוינע אייער מעגען קראנקע עסען וויפיעל עס איז נאר מעגליך און זיי וועלען זיך נישט "איבערעסען". עס איז דעריבער כדאי צו ווארטען אויף די אייער א האלבע שעה אדער 40 מינוט אזוי ווי ער הייסט, אבי מען זאל ביי קראנקע זיכער זיין, אז עס איז א געזונט מאכל.

עס זענען פארהאן נאר וועניג מאכלים, וואס ווערען נישט פארמאוסט, אז מען נוצט זיי יעדען טאג. מען זאגט "קרעפלעך ווערען אויך פארמאוס'ט". קאווע איז היינטיגע צייט אזוי שטארק איינגעפיהרט, אז זי ווערד גאר קיינעם נישט פארמאוס'ט. איז אבער קאווע באמת ווערט צו זיין אזא פאלקס־נאהרונגסמיטעל, אז זי זאל נישט פעהלען אין קיין שום שטוב? מיט דער דאזיגער פראגע האט זיך נישט לאנג בעשעפטיגט דאס דייטשע רייכס־געזונטהייטס־אמט. דאס אמט האט וועגען דער פעולה פון קאווע ביים מענש אזוי געפונען: די קאווע ווירקט אויף דעם מח לייכטער צו מאכען דעם כח פון השגה ביי גרעסערע איינדריקען און דאס רגילות זיי צו בעארבייטען. קאווע אונטערשטיצט, הייסט עס, די גייסטיגע קראפט און מאכט העלער און זיכערער דאס בעוואוסטזיין און קלארער און לייכטער די געדאנקען. דער כח פון די קאווע איז דאס ביסל קאפעאין, וואס געפינט זיך אין גוטער קאווע. קאפעאין איז א רפואה אין געוויסע פעלע; אין גרויסער פארציע איז עס סם. אויף איינמאל קאן א מענש פארטראגען נאר העכסטענס א האלבען גראם קאפעאין, אין איין טאג נאר אנדערטהאלבען גראם. אין איין גלאז קאווע, וואס איז דא אין איהם 15 גראם קאווע (1½ דעקא) געפינט זיך א צעהנטעל גראם קאפעאין. פון דעם זעהט מען, אז א מענש קאן פארטראגען העכסטענס 5 גלעזער קאווע אויף איינמאל, מעהר איז שוין סם. מען קאן אויך טרינקען 3 מאל אין טאג צו 5 פארציעס קאווע, אבער נישט מעהר. אז מען טרינקט יעדען טאג גרויסע מענגען קאווע אפילו אין דעם אויבענדערמאנטען מאס איז עס אויך שעדליך. גרויסע מענגען קאווע, אפילו נישט אין דעם מאס, אז מען זאל זיך קענען סמ'ען, ווען מען בענוצט עס יעדען טאג ווערען די נערווען גערייצט און אבגענוצט, דער מח ווערד שטומפיג; וואס צופיעל איז איבריג. דורך דעם זאלען קינדער אדער נערוועזע און הערצליידענדע מענשען נישט טרינקען קיין קאווע. געזונטע, דערוואקסענע מענשען זאלען נאר טרינקען קאווע אלס אנרעגונגס־מיטעל, אבער זיי זאלען קיינמאל נישט פארגעסען, אז זי איז גאר קיין נאהרונגסמיטעל נישט.

פון דאנען קענען די לעזער פארשטעהן ווי נאריש און לעכערליך עס איז, צו קאכען יעדען טאג פאר א פאר גראשען קאווע אויף אזא אופן, אז מען פיהלט זי גאר נישט, דאס גלאז קאווע האט נישט

קיין טעם אונ קיין ריח, ס'איז נאר שוואַרץ וואַסער. מען קאכט זי אַזוי ווי נאר יוצא צו זיין דעם מנהג; אמין מזונות איז עס דאך נישט. מען נוצט די קאַווע נאר וועגען איהר גוטען טעם אונ גוטען ריח אונ אויך וועגען איהר סגולה דעם מח אנצורעגען. אז מען טוט אָבער אַריין אין דעם וואַסער אַזוי ווייניג קאַווע, אונ מען קאכט דאס אַזוי שלעכט, אַז עס האט נישט קיין טעם, נישט קיין ריח אונ נישט דעם כח אנצורעגען, זענען דאך די פּאָר גראשען ארויסגעוואָרפען. וויל מען אַזוי גלאַט אַביסל וואַרמס אין דער פריה טרינקען איז דאך בעסער טיי, שאָקאָלאַדע אָדער אַפילו ציקאָריע אָהן קאַווע; נאך וואס אַלע טאג אַפּאר גראשען אַרויסוואַרפען?

לאַנג צו לעבען אונ געזונט צו זיין איז נאך נישט גענוג אַלע היגיענישע כללים צו האַלטען; מען מוז אויך דאס גאַנצע לעבען קלוג אונ בערעכענט אַיינריכטען. איין ענגלישער געלעהרנטער סער רעשעמס סויער, האט אויפגעשטעלט כללים, וואס אַז מען קאן זיי אָבהיטען אונ מען היט זיי געטריי אָב, קאן מען האָפען אויף אַ לאַנג אונ געזונט לעבען. די כללים זענען 18. אַ גוטער סימן — ח"י צום לעבען: 1. שלאָף נישט מעהר ווי אַכט שעה. 2. ביים שלאָפען זאָל תמיד זיין אַ פענסטער אָפען. 3. שלאָף גאָר אויף דער רעכטע זייט. 4. שטעל דאס בעט קיין מאָל נישט בּיי דער וואַנט (ווייל דער קאַלך פון דער וואַנט ציהט אין זיך אַריין די זאַפט פון'ם קערפּער). 5. יעדען טאג נאָכ'ן אויפשטעהן זאָלסט דו דיך באָדען; די טעמפּעראַטור פון'ם וואַסער זאָל זיין נאָך די צייט פון'ם יאָהר. 6. נעם קיין מאָל נישט אַ קאַלטע דוש. 7. מאַך פאַר דעם אָנבייסען גימנאַסטישע איבונג אין דער פרישען לופט. 8. פלייש עס נאָר ווייניג אונ עס זאָל זיין גוט צעקאָכט. 9. דערוואַקסענע מענשען זאָלען נישט טרינקען קיין מילך. 10. דו זאָלסט עסען אַסך ברויט, כדי צו דערנעהרען די צעלען אינ'ם גוף, וועלכע מוזען מלחמה האַלטען מיט די קראַנקהייטסקיימע. 11. דו זאָלסט קיין מאָל נישט האַלטען לעבעדיגע בעשעפענישען אין דיין דירה. 12. געה פיעל שפּאַציערען. 13. טרינק וואַסער. 14 ענטלויף פון נעץ אונ פייכטיגקייט. 15. אַרבייט ניט צו פיעל איבער'ן כח. 16. שבת זאָלסטו אין גאַנצען רוהען. 17. זאָלסט נישט פאַרזאָרגען קהלים געשעפטען. 18. זאָלסט דיך געוויינען אַלליינג צו קענען ליידען אונ זיך נישט בייזערען.

ד"ר ב.

---

# אַלטניילאַנד.

(פאָרטזעצונג).

## XVIII

אונטער דער שטאָדט האָבען זיי דערזעהן צווישען די פּאַר־שידענע ווילעס אויפ'ן כרמל, הילצערנע הייזלעך אויפ'ן מאַוורִיטאַ־נישען אופן געבויעט אונ מיט הילצערנע גראַטעס אויף די פענסטער. ליטוואַק ערקלערט זיי: „דאָ וואוינען עטליכע לייטישע מאַחמעדאַנער. אָט איז מיין פריינד רעשיד־ביי.

פאַר'ן טויער איז געשטאַנען אַ יונגער שענער העֶר פון אַ יאָהר פינף־אונ־דרייסיג. בּיי דער אייראָפּייאישער קליידונג האָט ער גע־טראָגען אַ רויטע פעסע אויפ'ן קאָפּ. ער האָט די דורכרייזענדע בע־גריסט אויף דער אַרט ווי מע גריסט אין די מזרח־לענדער. דוד האָט איהם עטליכע ווערטער אויף טערקיש געזאָגט, דרויף ענטפערט ער אויף דייטש: „איך ווינש אייך אַ רעכט אַנגענעהמע אונטערהאַלטונג!" קינגסקאָרט וואונדערט זיך אויף דעם דייטשען מאַחמעדאַנער. דוד אָבער ערקלערט איהם שמייכלענדיג: „ער האָט געשטודירט אין בערלין. זיין פאָטער איז געוועזען איינער פון די ערשטע וועלכע האָבען באַלד איינגעזעהן די נוצען פון דעם יודישען ישוב אין ארץ־ישראל, ער האָט מיט אונז אינאיינעם געאַרבייט אונ איז רייך געוואָרען. רעשיד איז אויך אַ מיטגליד פון אונזער נייער געזעלשאַפט."

אַלע מאָל פרייער עפענט זיך דער אויסקוק אויף דעם גע־שלענגעלטען וועג, אויף וועלכען דוד ליטוואַק מיט זיינע געסט זענען געפאָהרען. פון איין זייט די שטאָדט אונ דער פּאָרט חיפה, די ברייטע בוכטע מיט'ן גאָרטען־קראַנץ אונ פון דער אַנדערער זייט עכו מיט זיינע באָרג אויף באַרג אָב. אָט זענען זיי גאַנץ אויבען אויפ'ן צפון־שפּיץ פון'ם כרמל. רעכטס אונ לינקס, קיין צפון אונ קיין דרום, ציהט זיך דאס שענע לאַנד פּאַלעסטינאַ אונ פאַר זיי שימערט בלוי אונ גאָלדיג דער גרויסער ים, אויף וועלכען עס פלאַטערט די ווייסע פינע פון די חוואַליעס.

דוד האָט געהייסען אָבשטעלען דעם אויטאָמאָביל אונ איז מיט זיינע געסט אויסגעשטיגען, כדי זיי בעסער צו ווייזען דאס גרויס־אַרטיגע בילד. ער ווענדט זיך צו פרידריכ'ן אונ זאָגט: „איהר זעהט, הער דאָקטאָר, דאס איז דאס לאַנד פון אונזערע אבות!"

אונ פרידריך ווייסט ניט פאַר וואס די אויגען זענען איהם בּיי דיזע ווערטער וואַרם געוואָרען פון טרערען. נאָר פון דעסטוועגען איז עס געוועזען איין אַנדער מין געפיהל, ניט דאס צוואַנציג יאָהר צוריק אין יענער נאַכט פון ירושלים. דעמאָלט האָט ער פאַר זיך געזעהן דעם טויט בעשיינט פון דער לבנה; אַצינד אָבער אַ פרייהליכעס לעבען. ער באַטראַכט דוד'ן. וואס איז געוואָרען פון'ם קבצנ'ישען יונגעל! אַ פרייער, ערנסטער, געזונטער אונ געבילדעטער מאַן, וועל־כער, ווי עס ווייזט אויס, שטעהט פעסט אויף זיינע פיס. דוד האָט איהם נאָך אַפילו גאָר ניט דערצייהלט פון זיין איינענער לאַגע, נאָר ער שטויסט זיך שוין אָן, אַז עס מוז איהם געהן גאַנץ גוט, ווען ער וואוינט אין אַזאַ געגענד, וואו עס איז לויטער ווילען אונ פאַלאַצען. ער מוז אָבער אויך זיין איין אַנגעזעהענער בעל־הבית, דען זיי האָבען באַמערקט ווי אונטערוועגנס האָבען איהם פיעל מענשען געגריסט מיט דרך־ארץ. אַפילו עלטערע מענשען האָבען זיך מקדים געווען איהם צו גריסען. אַצינד שטעהט ער מיט אַ מינע פול גליק אויף דעם שפּיץ פון כרמל אונ קוקט איבער לאַנד אונ ים אַריבער. אונ ערשט אַצינד דערקענט פרידריך אין דעם פרייען מאַן, דעם אַמאָליגען יונגל פון דער פעדלער־פ מיליע, וועלכער האָט בעשטימט זיין לעבענס אידעאַל אויסגעדריקט: ער וויל צוריק אין לאַנד פון זיינע אבות!

(פאָרטזעצונג קומט).

משה קליינמאַן.

## ליטעראטור אונ קונסט

**המזרח**, ירחון ציוני מזרחי המיסד הרה"ג ר"י ריינעס אבד"ק לידא, העורך זאב יעבץ, חוברת א' שנה ראשונה, קראקא תרס"ג.

(המזרח, א ציוניסטיש מזרחיש מאנאטס־זשורנאל געגרינדעט דורך דעם רב ר' יעקב ריינעס אין לידא אונ רעדאגירט פון זאב יעבץ. ערשטעס העפט, ערשטער יאהרגאנג.)

אין דעם דאזיגען העפט זענען אריין ארטיקלען פון דעם גרינדער הגאון ריינעס מיט דעם נאמען „פני המזרח" אלס פראגראם־ארטיקעל, אין וועלכען דער שרייבער ערקלערט צו וואס זיי האבען דעם זשורנאל געגרינדעט. איין ארטיקעל פון דעם רעדאקטאר ה' יעבץ „האחדות", אין וועלכען דער שרייבער בעווייזט, אז איינער פון די הויפט־זאכען, וואס שיידען אונז אב פון אנדערע פעלקער איז די אחדות סאי אין אונזער יחוס, וואס מיר שטאמען ארוים גאר פון איין פאמיליע, פון די אבות אונ סאי אין אונזער ליטעראטור. ער פיהרט אויס, אז כדי אונזער אחדות זאל נישט צעשטערט ווערען מוזען מיר זיך צוריק בעזעצען אין אונזער לאנד. איין ארטיקעל פון ה' יצחק ניסענבוים „עשרים שנה בארץ ישראל", אין וועלכען עס ווערט בעשריבען אלץ וואס מען האט אין די לעצטע 20 יאהר תרמ"ב—תרס"ב אויפגעטהאן אין אונזער היילינ לאנד. איין ארטיקעל „עבודת הציונים" פון דעם רב גרינהויז, אין וועלכען ער פערטיידיגט די פאריגע דורות, וואס זיי האבען גאר נישט געטהאן, כדי צו בעזעצען ארץ ישראל. אחד מרבני ישראל אין זיין מאמר „הדור הבא" דערקלערט די סבה פאר וואס ביי דעם יונגען דור איז די בושה פאר עלטערע אונ געלעהרנטערע מענשען אזוי אראב אונ נאך אנדערע יודיש וויסענשאפטליכע אונ בעלעטריסטישע ארטיקלען פון דעם רעדאקטאר אונ אנדערע.

**הזמן**, מאסף לספרות ולמדע ספר ראשון. ס"ט פטרבורג, תרס"ג.

(די צייט. א זאמעל־בוך פאר ליטעראטור אונ וויסענשאפט. ערשטעס בוך).

אין דעם זאמעל־בוך זענען אבגעדרוקט ארטיקלען: פון בן ציון כ"ץ, „תולדות השכלת היהודים ברוסיא", פון ד"ר י. ל. קאצענעלסאן „יסודי טומאה וטהרה", פון אלעזר שולמאן „שפת יהודית אשכנזית וספרותה" אונ פון ד"ר ש. בערנפעלד „ראשי עם", אונ פון אברהם כהנא „רשימות ספרותיות". אחוץ די לעצטע צוויי ארטיקלען זענען קיינער נאך נישט געענדיגט אונ מען קאן נאך דעריבער קיין מיינונג נישט זאגען. פון בעלעטריסטישען אבטייל געפינען זיך אין דעם זאמעל־בוך א ראמאן פון י. א. טריוואש מיט דעם נאמען „פסיעות קטנות" (קליינע טריט), וועלכער איז נאך נישט געענדיגט, א בילד פון ד"ר מ. י. בערדיטשעווסקי „דור הולך" אונ פון דוד פרישמאן אונטער דעם סעריע־נאמען „אותיות פורחות" א סקיצע „קופת ר' מאיר בעל הנס", אויך א שיר פון ח. נ. ביאליק מיט דעם נאמען „בשורה". פון אלע ארטיקלען צייכענט זיך דער ארטיקעל וועגען זשארגאן ליטעראטור אויס דערמיט וואס ער איז זעהר היסטאריש בעארבייט.

— עס איז ארויס דאס צווייטע העפט פון דעם ביבליאגראפישען זשורנאל קרית ספר, אין וועלכען עס געפינען זיך די ארטיקלען: מאמר ראשי, הביבליאגרפיה וערכה (סוף), מערכת ספרים, הספרים שהגיעו אל המערכת. נדבות ספרים „להבית הנאמן", פליטת סופרים, מכתב הג' שי"ר להרה"ח הר"י רייפמאן (סוף).

— דער „יודישער פערלאג" אין בערלין האט ארויסגעגעבען א בוך וועגען יודישע סטאטיסטיק, דאס בוך איז רעדאגירט דורך אלפרעד נאסינ.

---

## יודישע פרויענוועלט

### I. אלגעמיינע נייעס.

— אין דער וויענער אוניווערזיטעט האבען דריי פרויען בעקומען דעם טיטעל „דאקטאר פילאזאפיע".

— אין רומעניע האט א סענאטאר געשאנקען א שטיק פלאץ, וואס איז ווערט 40,000 מארק, מען זאל דערויף בויען א האנט־ווערק־שולע פאר מיידלעך.

— אין קרייצענאך איז א פרוי געווארען דירעקטאר אין דער שטעדטישער מעדכען־שולע.

— אין פאריז האבען צוויי פרויען בעקומען א פרעמיע פון דער פראנצויזישער געאגראפישער געזעלשאפט. די גרעפען בורג דע־באזא האט בעקומען א זילבערנע מעדאילע פאר איהר רייזע ארום די וועלט, וואס זי האט געמאכט.

— אין ענגלאנד האט מען איבערגעמאכט די שולע פאר גארטען־ארבייט, וואס געפינט זיך אין דער שטאדט סוועגלי, וואס איז ביז איצט בעשטימט געווען סאי פאר מענער סאי פאר פרויען, נאר פאר פרויען אליין, ווייל די צאהל פרויען, וואס פארשרייבען זיך אין דער שולע איז זעהר פיעל.

— אין ענגלאנד האבען זיך 230 פרויען פארשריבען אין די ענגלישע אוניווערזיטעטען צו לערנען די מעדעצין. אין לאנדאן אליין געפינען זיך 115 פרויען, וואס פראקטיצירען אלס דאקטאר. אין א לאנדאנער שפיטאל זענען אנגעשטעלט 16 פרויען אלס דאקטאר אונ 70 פרויען בעשעפטיגען זיך אין דעם איינענעם שפיטאל מיט היילען אונ פלעגען די קראנקע.

— זייט 1901 שטודירען אין אמעריקא 51 פרויען אלס ארכיטעקטינס, אונ חעמיקער.

— אין פעטערסבורג וועט זיך אין חודש אויגוסט עפענען א האנדעלס־שולע פאר פרויען. צו ערשט וועט די שולע האבען נאר 7 קלאסען אונ דערנאך 8. אזוינע שולען זענען אין רוסלאנד דא נאך דריי: אין מאסקווא, קיעוו אונ אדעסא.

— קומענדיגען הערבסט וועט מען אין בערלין עפענען א שולע אין וועלכע עס וועלען לערנען אונ ערצויגען ווערען מיידלעך מיט יונגלעך.

— פרייליין ד"ר שארלאטע שטיינבערנער אוים אונגארן איז בעשטימט געווארען אלס ד"ר אין א קוראָרט פאר פרויען־קראנקהייטען.

— די סקולפטארען טענעסען פון שווידען האט פון קעניג אסקאר באקומען פאר איהרע קונסט איין ארדען.

— אין דובלין (אירלאנד) האט מען אנגעהויבען פרויען צוצונעהמען אין אוניווערזיטעט צו לערנען אלע סארטען וויסענשאפטען. ביז איצט האט מען אין אירלאנד קיין פרויען נישט צוגעלאזט צו קיין שום שטודיום.

### II. יודישע נייעס.

— דער צושטאנד פון די יודישע מיידלעך, וואס ארבייטען אין די לאדזער מאנופאקטור־פאבריקען איז זעהר א שלעכטע, זיי ארבייטען שווער 12 שעה אין טאג אונ בעקומען א גאנץ קליינעם געהאלט פון 150 ביז 200 רובל א וואך.

— מאדאם פשעפיורקא אין אסטראוויטש (ראדאמער גוב.) האט געגרינדעט א פרויען־פעראיין צו העלפען ארימע קינפעטארינס אונ קראנקע פרויען.

# ווי מען זאל מיט קינדער זיך שפיעלען, לערנען און שמועסען.

ווען דאס קינד ווערד אלט 2—3 יאהר (און אמאל נאך פריהער), הייבט עס אן זוכען עפיס צו טון, אויך צו דערקענען די זאכען וואס ארום איהם: עס שפיעלט זיך מיט זאמד, מיט העלצלעך, מיט שטיינדלעך און בעמיהט זיך צו מאכען פארשידענע פיגורען. וועגען אלץ וואס עס איז איהם שווער צו פארשטעהן, פרעגט עס גייגעריג.

נאר דיזע שטרעבונג פון קינד צו זוכען פיזישע און גייסטיגע ארבייט, דארפען מיר ווייזען א וועג. דאס קינד אליין, איבערהויפט ווען עס איז נאך גאר יונג, איז ניט אימשטאנד צו געפינען פארמען אויף אויסצודריקען זיין שטרעבונג צו מעשים. און ווען עס פיהלט, אז איהם אליין איז שווער, דאן ווענדט עס זיך צו עלטערע.

ווי אפט געפינען זיך מוטערס אין א שווערע לאגע, ווייל זיי ווייסען ניט, מיט וואס צו פארנעמען דאס קינד, ווען עס שטעהט צו און בעט זיך: „מאמע לאמיר זיך שפיעלען", אדער: „מאמע, דערציילט מיר א מעשה". ביי אזוינע פאלען בעמיהט זיך די מוטער „אבטשעפען זיך" פון אזא „קינד ווי א קלעק". ווי טשעפעט מען זיך אב? — אדער מען שרייט אן אויפ'ן קינד אדער, ווען גוט, גיט מען איהם די צאצקעס, וואס זענען שוין איהם לאנג מיאוס געווארען. דאס קינד אבער איז ניט צופרידען, נעמט קאפריזען זיך, וויינען, שרייען...

דארף אבער אזוי זיין? פארקערט, מיר דארפען זיך בענוצען מיט דעם, וואס דאס קינד אליין וויל עפיס טון, ארבייטען, מיר דארפען איהם געבען מאטעריאל צו דיזער ארבייט, אויך איהם ווייזען, ווי צו ארבייטען, כדי דאס קינד זאל זיך דערפון אויסלערנען צו מאכען פאר־שידענע פיגורען (צ. ב. א שטיבעלע, א קעסטעלע א. ד. ג.). ווען מיר ווייזען דעם קינד ווי זיך צו שפיעלען, קענען מיר ווירקען אויף זיין ענטוויקלונג. מיר לעהרנען איהם אזוינע שפיעלען, וואס דורך זיי ענטוויקלען זיך ביים קינד זיינע פיזישע קרעפטען, זיין פלינקקייט, זיין שכל און זיין רעדען.

מיר ווילען קומען צו הילף די מוטערס אויף אויסצופיהרען דיזע אויפגאבע, דארוך ווילען מיר דא געבען א שורה פון פאר־שידענע שפיעלען, בעשעפטיגונגען, אויך געשפרעכען מיט קינדער; אנהייבען פון גאר קליינע.

---

וועלכע צאצקעס האבען קינדער גערן מעהר פון אלע? יעדער ווייסט, אז א פילקע (באל, מיאטשיק). פרובט געבען א קינד א לאלקע און א פילקע, וועט איהר זעהן, אז פון אנפאנג וועט דאס קינד זיך מעהר ציהען צו דער לאלקע, נאר זאל אוועקגעהן א קורצע צייט, ווערד עס דעם קינד מיאוס. דאס קינד האט ניט ליב א זאך, וואס ריהרט זיך ניט. די לאלקע גיט ניט קיין שטאף דער קינדערשע פאנטאזיע.

דערפאר אבער א פילקע, וואס קייקעלט זיך, שפרינגט און הייבט זיך, געפעלט זעהר דעם קינד.

מיט א פילקע קאן מען זיך בענוצען ניט נאר ביי גימנאסטישע שפיעלען, נאר עס קאן דיענען אויך אויף פארשידענע געשפרעכען ביים לערנען מיט קינדער.

ווען דאס קינד האט צוויי פילקעס, וועלכע עס קייקעלט אויפ'ן פאדלאגע אין איין צייט, הייבט עס אן צו פארשטעהן, וואס הייסט ווייטער און נעהנטער.

ווען די מוטער און דאס קינד ווארפען אין איין צייט יעדער א פילקע, בעמערקט דאס קינד, וואס הייסט העכער און נידריגער.

ווען דאס קינד און די מוטער ווארפען איינס צום אנדערען די פילקע צייהלענדיג דערביי: איינס, צוויי, דריי א. ז. וו. — לערענט זיך דערווייל דאס קינד געשווינד צו רעכענען.

אויף א קאלירטע פילקע לערענט מען אויס דאס קינד צו דערקענען פארשידענע פארבען.

---

דאס וואס א קינד זעהט, וויל עס גלייך נאכמאכען מיט זיינע אייגענע הענט. דאס בעסטע מאטעריאל פאר א קינד אויף „בויען" דיענט לעהם און זאמד. ווען קינדער קריגען אביסל לעהם, נעמט מען זיך גלייך מאכען א „באבקע", וועלכע האט א קיילעכדיגע פארמע פון א שאר.

דערביי קאן מען מאכען מיט'ן קינד א לייכטען געשפרעך און דורך פראגען געבען איהם צו פארשטעהן די אייגענשאפטען פון א שאר: עס איז קיילעכדיג, קייקעלט זיך, שפרינגט אונטער א. ז. וו.

דערנאך מאכען מיר פון לעהם א רעשל און ווייזען דעם קינד איינינע זאכען, וואס האבען א פארמע פון א רעשל: איין עפעל, א בארנע און אנדערע. די אלע זאכען קאנען דיענען פאר א מאדעל צו ארבייט פון לעהם.

מיר וועלען אנווייזען אויף א שפיעל, וואס קינדער האבען זעהר ליב. דאס איז: „שפיעלען זיך אין א קרעמל". זאל דאס קינד אויפ־קלויבען זיינע פילקעס, רעשלעך און אנדערע צאצקעס, וועלכע מע האט איהם געקויפט אדער ער האט אליין געמאכט, און מאכען דערפון א קרעמל. דאס קינד (דער קרעמער) לעגט פונאנדער זיין סחורה, און דערביי סארטירט ער אליין אום גרויסע צו גרויסע, קליינע צו קליינע, ווייסע בעזונדער, שווארצע בעזונדער א. ד. ג. דער קונה בעט צו קויפען א פילקע אזא און אזא פארב און אזוי און אזוי די גרויס. דאס קינד ביים שפיעלען זיך בעטראכט דערווייל און נעמט אריין אין זינען די אלע אייגענשאפטען פון זיינע צאצקעס.

(ענדע קומט).

שושנה ראבינאוויץ.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

---

He rausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b.Krakau

# НОВАЯ КНИГА:

# „Современная Палестина“

**въ физико-этнографическ. и политическомъ отношеніяхъ.**

Книга эта иллюстрирована, содержитъ 19 печатныхъ листовъ на веленевой бумагѣ и имѣетъ 11 географическихъ картъ.

Цѣна книги . . . . . . **1** руб. **75** коп.

Въ изящномъ переплетѣ **2** руб. **40** коп.

ПРОДАВЦАМЪ ОБЫЧНАЯ СКИДКА.

**СКЛАДЪ ИЗДАНІЯ**

ПРИ ТИПОГРАФІИ и ФАБРИКѢ ПИСЧЕБУМАЖНЫХЪ ИЗДѢЛІЙ

ТОРГОВАГО ДОМА

**Г. М. Левинсонъ въ Одессѣ.**

Желающимъ ознакомиться съ содержаніемъ этой книги безплатно высылается краткое описаніе ея.

---

**„אראנא־גורסקי. ווארשא, לעשנא № 4**

דאס איינציגסטע מיטעל צום אויסראטען נאגניאטקעס (היגער־אויגען) בראדאווקעס און פערהארטעטע הויט צור פרייז 30 קאפ׳ און 50 קאפ. פארדערן איבעראל.

(129) 25—20

---

פערלאג „פאלקסבילדונג“.

# ציוניסטישע ביבליאטהעק.

**א.**

1) די יודישע קאלאניאל־באנק פון דר. ח. ד. הורוויץ;

2) דער נאציאנאל־פאנד פון ה"א. ברוידעס.

פרייז 3 קאפ. מיט פארטא 5 ק.

**ב.**

**די מינסקער ציוניסטישע אסיפה.**

פרייז 10 קאפ. מיט פארטא 12 קאפ.

ציוניסטישע אגודות בעקומען ראבאט.

Издат. „Тушія“, Варшава. — Verlag „Tuschijah“, Warschau.

מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

---

**אנשים חולים** קובץ ספורים מאת **א. ליבושיצקי.**

מכיל: חולשת המשורה, מירק, האם מנמנמת, רוצח, החולם הקטן, המפירסם, מחיי כופר בכל.

מחירו 25 ק׳ בלי משלוח.

פרי הספר מוקדש לטובת המורים העברים. שסבלו מן הפרעות בקישינוב. להשיגו בכל בתי מסחר הספרים העברים ואצל:

Издат. „Тушія“ Варшава. Verlag »Tuschijah« Warschau.

5—1 בע"פ נובוליפקי 7 מעון 9 235

---



**גענעז מערידען און פוקלעס!**

אפאראט וועלכער היילט גרינדליך

אהנע אפעראציע. פרייז 2 ר׳ 50 קאפ.



**Д. МОШКОВСКІЙ Варшава, Налевки 37.**

(55) (25—1)

---

# הדגל

**מכתב־עתי בשפת עבר לכל עניני היהודים והיהדות בכל הארצות**

יוצא לאור בלונדן אחת בשבוע.

„הדגל" מכיל 16 עמודים גדולים, ובו יבואו בכל גליון: מאמר ראשי, מכתבי סופרים מומחים ובקיאים, המפיצים אור על כל מראה וחזיון בעולמנו. הפרק מ„רחוב היהודים" מלא רב ענין וחדשות שנפלו ביעקב, בפרק זה עובדים סופרים בכל חלקי התבל ואיים רחוקים, המקדימים להביא לקוראינו את החדשות המענינות ממקומותיהם. בהודעות „חדשות ילדי־יום „הדגל" תמיד הראשון הזריז להודיען לקוראיו, בכל מקום שיש יהודים יש לו מודיעי־חדשות. פיליטון: בכל גליון וגליון יביא ספור, ציור או תמונה מקורי או העתקה. כן יבואו ב„הדגל" מאמרי מדע, ומקום רחב הוקצע בו לבקרת ספרים חדשים שיוצאים לאור. — **מודעות** זה החלק הנכבד לבני עמנו הסוחרים, ובהיות „הדגל" נפוץ בין כל אחינו שבכל ארצות תבל תביאנה המודעות־המסחריות רב טובה למוכרים ולקונים.

מחיר „הדגל" לשנה 5 רובל, בערך זה לחצי ולרבע שנה. **לשלוח שטרות־רוסיא** או מרקאות־הפוסתה בנות 10 קאפ׳ אל הרדקציה:

**„Hadegel“, 6 Tenter str. North London E.**

או אל אחד מסוכנינו ברוסיה:

**Издат. Тушія Варшава.** — Редакцію **Гацефира, Варшава.**

Редакцію **Гамелицъ, Ст.-Петербургъ,**

**Н. Кагановичъ,** Варшава, Налевки № 38.

**Л. Тыкочинскому,** г. Бѣлостокъ.

---





# הויז־דרוקעריא

מיט מיינע טיפען־דרוקעריי גארניטורען אין אלען שפראכען אויך העברייאיש קאן יעדערמאן זעלבסט דרוקען אלעס וואס ער האבען וויל:

צו בעציען אויס דער איינציגער פאבריק אין גאנץ רוססלאנד „передвижн. буквъ „ПОБѢДА“

**И. А. ЛЕВИНСОНА**

**въ ОДЕССѢ, Пушкинская, уг. Полицейск. ул., 16 und in WIEN, Adlergasse 12.**



| | | | |
|---|---|---|---|
| גארניטור № 60 מיט 100 בוכשטאבען 1. רו׳ | „ 62 „ 200 „ 2.— | „ 63 „ 335 „ 3.— | |
| גארניטור № 65 מיט 540 בוכשטאבען 4.50 | „ 66 „ 780 „ 6.— | „ 67 „ 1160 „ 10.— | |

מיינע פאבריקען פערפערטיגען אויך שטעמפעל אונד זיעגעל נורפאם בעסטען מאטעריאל

פרייזקוראנטע ווערדען פערזענדעט נאך ערהאלט איינער פאסטמארקע 7 קאפ.

**אגענטען ווערדען איבעראל געזוכט**

---

**הוצאת „ישרון".**

**בימ"ס „ישרון"** מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם בספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות. קונה ומוכר ספרים וביבליותיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים. נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

**אלבום** ארץ ישראל והמושבות

מאת ש. ראפאלאוויץ וזקס. פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים וממושבות אחינו באה"ק. ותולדות המושבות וראשית היסודתן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקשוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 3 75 עם פורטה. למו"ס ואגדות ציוניות הנחה הגונה.

**Книгоиз. „Іешурунъ“, Вильна**

**Verlag „Ieschurun“ Wilno Russland.**

---

# אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען און נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.

Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

---

**בית־מסחר ספרים**

# ב. צ. שיינפינקעל

**ווארשא זלאטע 63**

מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים בתנאים נאותים למאד. (210) 50—8

3—3 עס ווערדען געזוכט (227)

**מעדכען צו גאלאנטעריע ארבייט**

דלוגא 21 וו. 18. באלדיגע בעלאהנונג.

---

יעצט פערטיג פון דרוק

# ספורי ישורון

זעהר אינטערעסאנטע ערצעהלונגען פון תלמוד אין זשארגאן. פרייז 30 קאפ.

5—3 צו בעקומען ביי: (226)

Книжный магазинъ

З. Ш. Среберка, Вильна.

---

## „Chromolin“

**„כראמאלין“** דאס איינציגע ניט שאדליכע מיטטעל

צום פוצען אונ קאנסערווירען שוהווערק, מאכט א זעלטענעם גלאנץ פערקויף אין שוהווערק מאגאזינען אונ אפטעצנע סקלאדעס

12 - 9 (209)

**אגענטען ווערדען געזוכט**

**L. Schneider,**

Warszawa Nowy-Swiat 34.

---

Оптическо-Хирургической складъ

И. ПИКЪ

Налевки 35 Варшава



ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען גענצליך איין דעם ברוך אונ דריקען נישט דעם קערפער. ברוך- אונ בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס אונ הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע אונ שוואכע ראיה, ווי אויך אללע אפטישע אונ הירורגישע ארטיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר בילינע פרייזען עמפפעהלט אפטיק

**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**

אליין ווערד צוגעפאסט דורך ספעציאליסטען

234 25—2

---



**НУЖНЫ АГЕНТЫ**

для сбыта **издѣлій штемп. фабрикаціи** и **патент. предметовъ** со значительн. прибылью. **Первоклассн. производство. Не смѣшивать** съ другими **мелкими** заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. **Каталоги** и условія **безплатно.** Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ**

---

**Б. Л. Браунъ Варшава Налевки 13.**



נידערלאגע פון פערשידענע זייד-, בוימוואל- אונ וואל-גארנען זאווי אנדערען ארטיקלען פיר האפטעריי, שטיקעריי אונ שמוקלער-ארבייט.

236

---

## אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אוים גרינטליך, אויך דורך בריעפע

דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: **Юдку Вейнбляту**

Варшава, Сливкая 22.

(105) 25—17

---

# ווינש-קארטען (לשנה-טובה)

## עם ציורים מציון!

פראכטפאללע ארבייט! 20 סארטען ווינש-קארטען (פאסט-קארטען) מיט פערשידענע שענע בילדער מארץ הקדושה. פרייז פאר א קאלעקציאן פון 20 שטיק מיט פרטא 50 קאפ. סוחרים אונ ציוניסטישע פעראיינען בעקומען גרויסען ראבאט.

אויך געפינט זיך א פרעכטיגער אונגעהייער גרויסער אויסוואהל פערשידענע שענע סארטען אויסלאנדישע ווינש-קארטען, אנטיקען אונגעהייער ביליג! פאר 5 רובל בעקומט מען א פאלשטענדיגע קאלעקציאן ווינש-קארטען (וועניגער פון 2 רובל ווינש-קארטען ווערט מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט, ביז 1 רובל קען מען שיקען מיט פאסט-מארקען) אלע בעשטעלונגען ווערען ערפילט „שנעל אונ פונקטליך גוט אונ ביליג“.

## קארטא פאלעסטינא.

דיזע קארטע ענטהאלט: אללע שטעדט, שטעדלעך, טייכען, טייכלעך, אלע אלטע אונ נייע קאלאניעס, ציינט אן: די גרענעצען פון די שבטים, וויפיעל מענשען יעדע קאלאניע האט אונ וויפיעל ערד יעדע קאלאניע בעזיצט א. ד. ג. דיזע קארטע איז פראכטפאל שען געדרוקט אין 8 שענע פארבען. פרייז 40 קאפ. סוחרים אונ ציוניסטישע-פעראיינע בעקומען גרויסען ראבאט. (ווייניגער פון 5 קארטעס ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט).

233 אדרעססע: 12—2

Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.

---

## רעכט יודיש אונ געזונט

(219) איז פאר יעדע יודישע פרוי 25—5

# מאנאטס-בינדען

קאסט צוזאמען מיט 12 קישעלעך נור 1.75 רובל שוין מיט פארטא.

די מאנאטס-בינדען זענען זעהר פראקטיש אונ נויטווענדיג פאר יעדע איינציגע פרוי, וואס זארגט פאר איהר געזונדהייט אונ יודישקייט.

די קישעלעך קאן מען שטענדיג צו קויפען פאר 90 קאפ.

צו בעקומען ביים אפטיקער-ספעציאליסט

**37. Д. Мошковскій, Варшава, Налевки 37.**

---

**Paryzkie nowe modele**

rekomenduje znany magazyn

**Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów**

**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m 4.

Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki w 24 godzin.

(148) 25—12



---

## דאמף-דרוקעריי עט ליטאגראפיע

## פון ש. בעלכאטאווסקי אין פיעטרעקוב

איינגעארדענט לויט די נייעסטע סיסטעמע, מיט די שענסטע מאדערנע שריפט אונ פערצירונגען, נעמט אן צו דרוקען אלערליי ביכער: יודיש, רוסיש פויליש, דייטש א. ז. וו. אויף די לייכטעסטע בעדינגונגען. אויך פערשידענע עטיקעטען, פרייז-קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך, אויך אלערליי אנדערע סארטען דרוק אונד ליטאגראפישע זאכען.

50—8 אלעס ווערט פינקטליך אונ שנעל בעזארגט. (212)

**Въ Типо-литографію Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

## נור פיר 2 רובל 50 קאפ.



ווירד ארויסגעשיקט פראנק און פריי אין אלע שטאדט אייראפעאישעס רוסלאנד, די בעסטע פאטענטירטע

# נאפט-גאז קאכמאשינע

מיט פלימפ צום רעגולירען דעם פלאם. זעהר פראקטיש און קאכט שנעל.

פון 2 שטיק ווערט ארונטערגעגעבען 10%.

(230) אדרעססע: 4—3

Спеціальная Фабрика Керосино-Газовыхъ Самоваровъ и Кухонь „Колумбія“, Варшава, Желѣзная 58*a*.

עס איז צו בעקומען אלע סארטען נאפט-גאז קאכמאשינקעס צו ביליגע פרייזען.

---

# דר. מ. גראדזיענסקי

ארדינאדאר אין קליניק פיר

## אינערליכע קראנקהייטען

10—5 אין שפיטאל שוו. דוך (220)

נעהמט אן קראנקע ביז האלב 11 פריה אונ פון האלב 3 ביז 5 נאך מיטאג

ווארשוי, דזיקא 4 — (נאוואליפקי 6)

---

# לעזט ביכער

אין 5 שפראכען

## אין צוקערמאנ'ס לייה-ביבליאטהעק

10—7 213

**ווארשא, נאלעווקי 7.**

---

פריוואט-אנשטאלט פון קינדבעטורין פון ד"ר וואוועלבערג, לעשנא 79, ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדבעטורינס אומזאנסט. פיר פערמעגליכע בעזונדערע צימער פאר צאהלונג. אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר פרויען-קראנקהייטען פון 10 ביז 12 פריה.

231 (20—3)

---

בבית מסחר הספרים

## י. ראזומאווסקי בבערדיטשוב

ובהמחלקה שלו בווארשא, נאלעווקי 34 אצל א. צייטלענגאלד נמכרים כל מיני ספרים במקחים נמוכים.

(217) 7 - 50

---

פאבריק פון פייערפעסטע 11 19915

## אייזערנע קאססעס



עמפפעהלט איהר אויסארבייטונג נאך נייעסטעם סיסטעם, קאנקורירט מיט די פרייזען און פערגרעסערט די №№ געגען אנדערע פאבריקען.

פרייז קוראנטען פראנקא

**Ш. Хари,** Варшава, Новолипье 40

---

## היימישע מיטטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פערשידענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. (192) 50-15

---

# י. שעקמאן, ווארשא.

**פאבריק פון זילבער 84 פראבע**

(128) עם פלאטע-וואארען. 27 50

**Ш. ШЕКМАНЪ** Варшава, Налевки № 20.



מאגאזין נאלעווקי 20. פאבריק דזיקא 10.

---

בבית-מסחר-ספרים של

**ז. ש. שרעבערק, ווילנא, סטעפענג.**

נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.

Книжн. магаз. З. Ш. Среберка, Вильна.

(225) 50—3